# ליעבע און לעבען

אָריגינעלער ראָמאַן

פון

חיים מאליץ

ניו יאָרק
1925



# LOVE AND LIFE

By

CHAYIM MALITZ

NEW YORK
1925

געווידמעט
צו מיין בת יחידה
ר אָ ז ע

---

Dedicated
to my beloved Daughter
ROSE

# א פּאָר ווערטער צו די לעזער: —

דער ראָמאן "ליעבע און לעבען", וואָס איהר האלט יעצט אין האנד, איז גאנץ אנדערס פון די מעהרסטע ראָמאנען, וואָס איהר האָט ביז יעצט געלעזען.

ביז יעצט האָבען ראָמאנען שרייבערס געטרייעט צו שילדערן די ראָמאנטישע פערהעלטניסע, וואָס קומען פאָר נור צווישען יונגע באָים און מיידלאך.

אָבער דער פאקט איז, אז עלטערע מענשען ליעבען נאָך מיט מעהר פייער און מיט מעהר טרייהייט און איבערגעבענהייט, ווי די יונג-ווארג, וואָס זיינען אם מעהרסטען לייכטזיניג, און ביי וועלכע די ליעבע איז אָפט ווי א מאיאָווע פיבער, וואָס קומט און געהט אוועק אונבעמערקט, ניט לאָזענדיג נאָך זיך דעם מינדעסטען צייכען.

דער דאָזיגער ראָמאן וואָס איהר האלט יעצט אין האנד, שילדערט די ליעבע פון עלטערע מענשען. ער צייגט אייך, אז ליעבע ווייסט ניט פון יונג און אלט, אז ליעבע איז ווי דער מעכטיגער אָדלער וואָס שפּאלט די וואָלקענס און פליהט צו דער זוהן מיט א לעבענסקראפט וואָס איז אונבעשרייבליך, און קיינער ווייסט ניט און קיינער קען ניט זאָגען דאן ווי אלט דער אָדלער איז.

כמעט אלע פּערזאָנען וואָס איהר וועט בעגעגענען אין דיעזען ראָ־מאן, זיינען בעקאנטע לעבעדיגע מענשען, בלויז די נעמען געענדערט, און אלע פּאסירונגען זיינען פאקטען פון לעבען גענומען.

עס איז א ראָמאן וואָס וועט אייך פערשאפען גרויס פערגעניגען, אזוי האָף איך, און דאָס איז אלעס וואָס איך וויל.

**חיים מאליץ.**

## ערשטער קאַפּיטעל

## ווינטער בלומען

א שעהנער זומער אבענד.

דער באַרדוואַק אין קאָני איילענד איז געווען בעלאַגערט מיט מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען געקומען אריינשעפּען אין זיך די געזונדטע לופט פון ים.

גליקליכערווייזע ווערט נאָך דיא ים־לופט פאַרלויפיג ניט קאָנטראָלירט פון קיינעם און אלע קענען גלייך געניסען דיעזע גרויסע פערגעניגען.

עס האָט אויסגעזעהן וויא א גאַנצע וועלט מיט מענשען מאַרטשען. וויא א לאַנגער אונענדליכער קארניוואל האָבען זיך רייהען נאָך רייהען לאַנגזאַם געצויגען, און עס האָט אויסגעזעהן אז דער מאַרטש וועט זיך גאָר קיינמאָל נישט ענדיגען.

לוסטיגע שטימען, הויכע געלעכטערס, פערשיעדענע פערגעניגענס געשרייען האָבען פערקלונגען און פערהילכט די געזאַלצענע לופט. עס האָט זאַגאַר פערטורמעלט די רוישענדע כוואַליעס, וואָס זיינען וואָס ווייטער אלץ נעהענטער און נעהענטער צוגעקומען צו זייערע געסט, צו די מענשען. זיי האָבען ווי אויף נאָטען אקאָמפּאַנירט די מענשליכע שטימען, אזוי אז אלעס צוזאַמען האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א גרויסען, ריעזיגען כאָר מיט א זעלטענע האַרמאָניע.

גאַנץ הויך, היבשע עטליכע הונדערט מייל פון דער ערד, איז מאַיעסטעטיש ארומגעפלויגען א גרויסע לופט שיף, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי א מעכטיגער אדלער, וועלכער פערנעהמט דעם פּלאַץ פון א כאָר דיריגענט.

דאָס קוויטשען פון מיידלאך, דער געלעכטער פון באָיס, און די משונה'דיגע קולות פון די קאָני איילענדער קונצען מאַכערס האָבען זיך אלע צונויפגעשמאָלצען אין איינעם און דאָס האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם גרויסען און מעכטיגען אָרקעסטער, וואָס איז בעקאַנט צו דער וועלט מיט'ן נאָמען — "יוגענד"...

---

אויף'ן זעלבען באָרדוואַק, אויף איינער פון די ביינק וואָס זיינען געמאכט געוואָרען פאַר עלטערע מענשען צום אָפּרוהען זיך, איז געזעסען א מיטעליעהריגע פרוי, האָט אויפמערקזאַם געקוקט אויף די מאַרשירענדע קראַודס און האָט פון צייט צו צייט ארויסגעלאָזט א שווערען זיפץ פון הארצען.

די פרוי איז אלט געווען א יאָהר פערציג. האָט געהאט א רונדע, לויטערע געזיכט, מיט חן־גריבלאך, וואָס האָבען איהר געגעבען א מערקווירדיגע ליעבליכקייט. איהרע האָר זיינען געווען קויהל שוואַרץ און געקרייזעלט. איהרע אויגען זיינען געווען העלל בלוי און א מאָדנע נאַאיוויטעט האָט פון זיי ארויסגעשיינט.

— אך, די יוגענד, די יוגענד! — האָט זי געמורמעלט צו זיך אליין. אן עלטערע פרוי איז אן איבעריגע בעשעפעניש אויף דער וועלט. זי דאַרף גאָרניט. א מאַמע טאָר קיין זאַך ניט. סערע האָט גענומען איהר באַי, ליאָן האָט גענומען זיין מיידעל, און זיי געניסען פון לעבען אלעס, וואָס זיי קענען נור. איך האָב נאָך אלעס אליין צוגעגרייט פאַר זיי. איך האָב געזעהן דאָס עסען זאָל זיין פערטיג שנעלער. איך האָב אלעס פאַר זיי אויסגערייניגט און אויסגעביגעלט, זיי זאָלען בעסער קענען פערברענגען מעהר מיט א שטונדע, זיי זאָלען ניט דאַרפען פערליערען קיין צייט און זאָלען זיך וואָס שנעלער קענען אמוזירען — און פאַר דער

מאַמע איז ניטאָ קיינער, ווער עס זאָל זיך זאָרגען — אַ מאַמע דאַרף ניט לע־בען! אַ מאַמע טאָר ניט!...

און טרעהרען האָבען זיך ביי דער פרוי אין די אויגען געצייגט.

נעבען דער פרוי איז געזעסען אַ בע־יאָהרטער מאַן. דעם העט האָט ער גע־האַלטען אין האַנד און מיט די אויגען האָט ער אַלע ווײַלע אַ בליק געוואָרפען צו דער פרוי וואָס איז איהם ביי דער זייט געזעסען.

אַ קוק טהוענדיג אויף'ן מאַן האָט מען גלייך געקענט מערקען אַז ער איז אַ דענ־קענדער מענש, אַז זיין מח רוהט ניט, זיין מאָרך אַרבייט און נעהמט אין זיך אַריין, ווי אַ שוואָם, אַלעס וואָס ער זעהט פאַר זיינע אויגען.

די קנייטשען אויף זיין שטערען האָ־בען עדות געזאָגט אַז ער לעקט ניט קיין האָניג אין זיין לעבען. זיינע אויגען האָ־בען אָבער געלויכטען מיט קוראַזש, מוט און האָפנונג.

יעדעס מאָל וואָס עס האָט זיך געהערט אַ קלינגענדער געשריי און אַ לוסטיגער געלעכטער פון יונגע, מאַרשירענדע פּאַר־לעך איבער'ן באָרדוואָק, האָט ער מיט אַ האַרציגען שמייכעל געמורמעלט:

— פריידט זיך, פריידט זיך, קינדער, דאָס זיינען די גליקליכסטע מינוטען פון אונזער קורצען לעבען.

ער האָט עס געזאָגט און ווידערהאָלט עטליכע מאָל, ביז עס האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער מרה שחורה־דיגער דאַמע, וועלכע איז נעבען איהם געזעסען.

ווען זי האָט דיעזע ווערטער דערהערט, האָט זי געמיינט אַז ער רעדט דאָס צו איהר.

— יאַ, — האָט די דאַמע בעמערקט מיט אַ שווערען זיפץ, — עס איז אמת, אַז דאָס זיינען די גליקליכסטע מאָמענ־טען פון לעבען. אָבער ניט פאַר אַלעמען זיינען זיי דאָ.

— פאַר וואָס? — האָט דער מאַן גע־לאַכט. — ביי דער נאַטור זיינען ניטאָ קיין מיוחסים. די נאַטור ווייס ניט פון אויסנאַהמען. אַלע איהרע גוטע מתנות האַלט זי אָנגעגרייט פאַר אַלעמען גלייך. דער קלוגער לויפט און נעהמט אָפּ זיינס און דער נאַר שטעהט אין אַ זייט און זאָרגט פון זיך אַרויס די נשמה.

— וואָס דען בלייבט צו טהאָן פאַר אַ מענשען, וואָס מוז אָפּפינסטערען אַלע יאָהרען אָהן ליעבע, אויב ניט זיך צו זאָרגען? — האָט די דאַמע געזאָגט מיט אַ טאָן פון גרויס פערצווייפלונג.

צו דער זעלבער צייט האָט זיא גע־פיהלט אַ אינערליכע צופריעדענהייט וואָס זי האָט ביים ברעג ים אונערוואַר־טעט געפונען אַ פערזאָן פאַר וועלכען זי וועט קענען אַביסעל איהר טרויעריגע האַרץ אויסגיסען.

אין דער היים פאַר אַ שכנ'טע, אָדער פאַר אַ פריינד ביי אַ מיטינג קען זי ניט דערצעהלען דאָס, וואָס זי קען דערצעה־לען צו אַ מאַן וועמען זי זעהט צום ערש־טען מאָל און פיעלייכט צום לעצטען מאָל אין איהר לעבען.

— ער שיינט צו זיין אַ קלוגער מאַן, — האָט זי זיך געטראַכט, — פיעלייכט וועט ער מיר קענען געבען עטוואָס טרייסט פאַר מיין עלענדער נשמה? זאָנסט זעה איך ניט איין צו וואָס איך זאָל גאָר אין גאַנצען דאַרפען לעבען אויף דער וועלט.

— ווי באַלד איהר זיינט שוין אַרויס־געקומען מיט לשון, — האָט דער מאַן געענטפערט, — און איך זעה שוין וואו די וואונד געפינט זיך, וועלען מיר קע־נען רעדען מעהר פערשטענדליך. אָבער אין אַזאַ פאַל, ווען מיר האַלטען ביי רע־דען וועגען "ליעבע", איז מעהר ניט ווי רעכט און ווי לאָגיש, אַז מיר זאָלען כאָטש ווייסען איינס דעם אַנדערען ביים נאָמען. איך זאָל ווייסען צו וועמען איך רעד און איהר זאָלט ווייסען צו וועמען איהר רעדט. מיין נאָמען וועל איך אייך שוין זאָגען. איך בין איזראַעל לעבמאַן, אויב איהר לעזט די דייטשע ליטעראַטור איז אייך וואַהרשיינליך מיין נאָמען ניט פרעמד.

ווי די שכינה האָט פּלוצים אויפגע־בליצט אויף דעם געזיכט פון דער דאַמע אַזוי האָט עס געלויכטען און געשיינט פון

איבערראשענדע פרייד, ווען זי האט דעם נאמען איזראעל לעבמאן דערהערט.

עס איז גראדע געווען דער וואונש פון איהר לעבען דיעזען פאפולערען שריפטשטעלער צו קענען פערזענליך. זי האט קיינמאל ניט פערפעהלט א ווארט פון אלעם וואס ער האט געשריעבען און זי האט איהם איינפאך פארגעטערט בלויז דורך'ן לעזען זיינע שריפטען. און יעצט זיצט זיא מיט איהם צוזאמען אזוי נאהענט ! זי האט זיך געפיהלט ווי אין זיבעטען הימעל פון פרייד.

זי האט אנגענומען פעסט זיין האנד און האט זי ווארם געדריקט.

— איך שעץ זיך זעהר גליקליך, — האט זי געזאגט עטוואס פערשעהמט, — צו קענען דעם יעניגען וועמען איך לעז מעהר גערן ווי אירגענד וועלכען מאדערנעם שריפטשטעלער. מיין נאמען איז פלארא וויינגארטען. איך בין א אידישע טאכטער געבוירען מיט א נאטירליכע נייגונג צו ליטעראטור, צו לעזען, צו שרייבען און צו שטודירען מענשען און זאכען.

— אויב אזוי, מאדאם וויינגארטען, פריידט מיך אויך אייך צו קענען, — האט מר. לעבמאן געזאגט, דריקענד פעסט איהר האנד, און ביידע האבען אין דעם מאמענט ניט געטרוימט זאגאר, וואס פאר א וויכטיגע ראלע דיעזע אונערווארטעטע בעגעגעניש וועט שפיעלען אין זייערע ביידע לעבענס.

## צווייטער קאפיטעל
## פילאזאפישע פראגען

מר. לעבמאן האט מיט זיין רעדען און מיט זיין אנבליק אויף'ן לעבען אין אלגעמיין געמאכט אויף פרוי וויינגארטען אזא גוטען איינדרוק, אז אין די מינוטען וואס זי איז מיט איהם געזעסען האט זי אין דער גאנצער וועלט פארגעסען. זי האט בלויז געפיהלט איין זאך — אז אין איהר נשמה גיסט זיך אריין עפעס א נייער באלזאם פון לעבען, א ים מיט פרישע נייע געדאנקען און געפיהלען.

צום ערשטען מאל, נאכדעם וויא זיא האט שוין כמעט האלב יאהרען אבגעלעבט, האט זי פלוצים דערפיהלט די זיסקייט פון רעדען מיט א מאן מיט וועלכען מען וויל רעדען.

צום ערשטען מאל אין איהר לעבען האט זי דערפיהלט די ערהאבענע פערגעניגען און הערען ווערטער פון א מאן צו וועלכען מען ווערט פון מינוט צו מינוט אלץ מעהר און מעהר צוגעבונדען און צוגעקלעפט מיט דער גאנצער נשמה.

— אז איך האב יא די גרויסע פערגעניגען געהאט זיך מיט אייך צו בעקאנען, — האט זי געזאגט מיט א טאן ווי א שילער רעדט צו א לעהרער, — וואלט איך געוואלט פון אייך הערען עטוואס וועגען גרויסע זאכען, איך זאל פון אונזער בעגעגעניש האבען עפעס געלערענט.

— צום ביישפיעל, וועגען וואס וואלט איהר א שטייגער וועלען הערען מיינע מיינונג ?

— וועגען זאכען וואס בויערען שטענדיג מיין מח, וועגען פראגען אויף וועלכע איך אליין בין ניט אין שטאנד אן ענטפער צו געפינען, צום ביישפיעל, פראגען וועגען דער גאטהייט, וועגען לעבען און טויט, וועגען ליעבע, — האט פרוי וויינגארטען געענטפערט.

איזראעל לעבמאן האט געשמייכעלט.

— צו וואס, — האט ער געזאגט, — זאלען מיר, קליינע מענשעלעך, טרייען צו קלעטערען אהן א לייטער אויף אזעלכע חויכע טחורמס, פון וועלכע מען קען די שפיצען אפילו מיט די אויגען ניט זעהן ? אלע וואס פרובירען עס, מוזען ארונטערפאלען און ברעכען האלז און נאקען. איהר ווילט רעדען וועגען דער גאטהייט, איהר פערגעסט גאר, אז דיא גאטהייט איז אן אייביגקייט, און מיר שטערבליכע מענשען קענען דערפון ניט רעדען. מיר קומען אויף א ווייל און געהען אוועק, היינט וואס קענען מיר בעגרייפען מיט אונזערע בעגרענצטע מוחות וועגען א זאך וואס האט קיין אנפאנג און קיין ענדע, קיין צייט, קיין מאס, קיין וואג און קיין שום פערגלייך?..

— פון וואנען נעהמט זיך עס — האט פרוי וויינגארטען געפרעגט, קוקענדיג

מר. לעבמאן גלייך אין די אויגען, — פון וואנען קומט עס וואס מיין מאן שטעלט מיר אימער פאר דעם בעשעפער פון דער וועלט אלס א שרעקליכען בייזען קעניג, וואס האלט גרייט א גרויסען קאנטשיק אין די הענד צו נוקם זיין זיך אהן רחמנות אין אלע וואס פערזינדיגען זיך געגען איהם ?

— דאס קומט דערפון — האט לעב־מאן געענטפערט — וואס שטערבליכע מענשעלעך נעהמען זיך אונטער צו רע־דען און צו אורטיילען וועגען אזא גרוי־סע, ריעזיגע אונפערגלייכבארע קראפט. זיי נעהמען אלס מאס און אלס מוסטער א קעניג, א קיסר, א זאך וואס זיי קענען בעגרייפען. און ביי זיי קומט אויס אז אזוי ווי א קיסר בעשטראפט זיינע פער־זינדיגטע אונטערטהאנער, אזוי בע־שטראפט דער קעניג איבער אלע קעניגע, דער וועלט בעשעפער, אויך זיינע פער־זינדיגטע אונטערטהאנען, אזוי בע־ א פעסט־אפגעמאכטע מיינונג, אז פון זאכען וואס מיר קענען ניט בעגרייפען זאלען מיר ניט רעדען. דאס איז אויך געוועזן די מיינונג פון אונזערע אלטע חכמים. און ווירקליך ! קענען דען ביי־בים פון א טאג אלט רעדען וועגען זייערע עלטערען ? אין פערגלייך מיט דער גאט־חייט זיינען מיר נאך פיעל אינגער ווי א קליינע טאג־אלטע בייבי — היינט צו וואס זאלען מיר זיך נאריש מאכען און נור שטויסען וואסער אומזיסט ?

— און וואס איז אייער מיינונג וועגען לעבען אין אלגעמיין, מר. לעבמאן ?

---

— עס איז אפילו א גאנץ קורצע פראַ־גע, מאדאם וויינגארטען, אבער אלס א קלוגע, געבילדעטע פרוי פערשטעהט איהר אליין, אז מען קען גאנצע ביכער אנשרייבען אלס אנטווארט אויף דיעזער פראגע און עס זאל נאך אלץ בלייבען זעהר פיעל ניט דערזאגט, דאך וועל איך פרובירען אזוי קורץ ווי מעגליך און בלויז אויבערפלעכליך אייך צו געבען דעם עסענץ פון מיין אנבליק איבער'ן לעבען. איך דענק, מאדאם וויינגארטען, אז מיר אלע לעבעדיגע מענשען, וואס געפינען זיך דא אויף דיעזער וועלט, זיינען בלינ־דע פאסאזשירען, ארונטערגעפאלען, אדער ארונטערגעווארפען פון ערגעץ אויף א גרויסער שיף, און מען האט אונז גע־זאגט : "לעבט ! מיר מוזען אונזער גאנ־צע ענערגיע אנווענדען דיעזען אנזאג צו ערפילען. מיר מוזען לעבען. קיינער טרעפט דא ניט קיין זאך צוגעגרייט פאר איהם. מיר מוזען אליין שאפען פאר אונז אלעס וואס עס שטעלט צוזאמען און וואס מיר פערשטעהען אין דעם קליינעם ווארט "לעבען".

— אבער וואס פערשטעהט איהר אונ־טער'ן ווארט לעבען ? — האט פרוי וויינ־גארטען געפרעגט אונגעדולדיג.

— גאנץ איינפאך, אונטער'ן ווארט לעבען פערשטעה איך : בעקוועהמליכ־קייט, צופיעדענהייט, פיר'ן קערפער אזוי גוט ווי פיר'ן גייסט. אונטער'ן ווארט לעבען פערשטעה איך געזעלשאפט, ליע־בע, פערגעניגען, פרייד — דאס אלעס מיינט לעבען, וועהרענד טרויער, איינ־זאמקייט, זארג, יסורים, שמערצען, חאס, צאנקעריי, אויפרעגונג, זיינען אלץ זא־כען וואס מען קען אין צעטעל פון לעבען ניט אריינרעכענען.

— אבער וואס זאל טהאן דער יעניגער אדער די יעניגע, — האט פלארא וויינ־גארטען געפרעגט מיט א שווערען זיפץ — ביי וועמען דאס שטיקעל ברויט פאלט גראדע מיט דער פוטער אראב ?

— דאס איז א סימן, — האט מר. לעבמאן געענטפערט מיט זיין געוועהנ־ליך פריינדליכען שמייכעל, — אז מען האט די פוטער געשמירט פערקעהרט. יע־דער מענש קען לאנגזאם אבער זיכער אוועקשארען די שטיינדלעך וואס ליגען אנגעווארפען אויף'ן וועג פון זיין לעבען. יעדער מענש איז דער בויער פון זיין איי־גענעם גליק און זיין אייגענעם אומגליק.

— איך זעה ניט ווי אזוי מיר קענען אליין בויען אונזער גליק — האט פרוי וויינגארטען בעמערקט מיט אן ערנסטען טאן עטוואס שעהמעוודיג. — איך וועל נעהמען אלס ביישפיעל זיך אליין — איך ווייס אז איך פיהל אין מיר א מערקוויר־דיגען וואונש צו לעבען און איך קען ניט־

לעבען, כאָטש נעהם און צורייס די נשמה אין שטיקער. אויך לעב א לעבען אהן ליע־בע, א לעבען וואָס איז קאַלט ווי א שטיק אייז. איך קען מיין מאן ניט ליעבען איבער זיינע פינסטערע בליקען אויף לע־בען. ער זוכט פינסטערניש און איך זוך ליכט. ער זוכט טרויער און איך זוך פרייד. ער האָט קיין מורא פאר'ן גיהנם אויף יענער וועלט און איך זעה דעם גיהנם דאָ אויף דיעזער וועלט, זייט־ביי־זייט מיט'ן גן־עדן. צווישען מיר און לע־בען שטעהט אן אייזערנע וואנד. איך בין ערגער ווי טויט — ניט איך שטאַרב און ניט איך לעב. איך הענג צווישען הימעל און דער ערד.

א שווערער זיפץ האָט זיך ביי איהר פון הארצען ארויסגעריסען. זי האָט זיך אויף א ווײַלע אָפּגעשטעלט, דאן האָט זי פאָרטגעזעצט:

— איך האָב מורא פאר ליכט און ער האָט מורא פאר שרים. ער איז ווי א פּאָליסמאַן ארונטערגעשיקט פון ערגעץ אכטונג צו געבען מיט דער גרעסטער שטרענגקייט איך זאָל זיין פרום און מיין וואונש איז צו זיין גוט. ער גלויבט אין א פרומערע מענשהייט און איך גלויב אין א בעסער מענשהייט. ער געהט איין וועג און איך — א צווייטען. מיין גע־דאנק און מיינע טהאטען ווערען קאָנ־טראָלירט פון מענשען־ליעבע, וועהרענד זיין געדאנק און זיינע טהאטען ווערען קאָנטראָלירט פון שרעק און פון מורא פאר גיהנם. מיין הארץ איז ליעבע, מיט סימפּאַטיע פיר לײַדענדע, פיר קראַנקע, פיר אָרימע, פיר נויטלײַדענדע, פיר אלמנות און פיר יתומים וואָס קענען זיך אליין ניט העלפען, און זיין געדאנק איז אז פרומקייט שטעהט העכער פון אלעם. מיך ציהט ווי א מאגנעט צו ברענגען לעבען און פרייד און טרייסט צו אונ־גליקליכע, וואָס זיינען געקומען אויף דער וועלט זיך צו מאַטערען אַהן א פאר וואָס, און מיין מאן לאַכט זיך אויס פון די אלע זאכען.

— וואָס זאָגט ער, ווען איהר רעדט מיט איהם וועגן מענשליכע פליכטען? — האָט מר. לעבמאַן געפרעגט.

— ער זאָגט אז גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, און אז דער מענש וואָס לײַדעט אויף דיעזער וועלט, קומט דערמיט אָב פאר זיינע זינד, כדי ער זאָל קענען קומען א ריינער אויף יע־נער וועלט. וואָס דארפט איהר מעהר, אפילו ווען עס פאסירט אמאָל אז איהם אליין טהוט אמאָל וועה א צאָהן, אָדער ער פערקיהלט זיך און ווערט קראַנק, העגגט ער עס אויך אָן אין זיינע זינד. "דאָס שטראָפט מיך גאָט דערפאר", זאָגט ער צו מיר, "וואָס דו זינדיגסט און איך שטראָף דיך צו ווייניג. "דו זינ־דיגסט" זאָגט ער, "און איך קום אָב".

— האָט איהר קינדער? — האָט מר. לעבמאַן געפרעגט מיטפיהלענד.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, — און נאָך זעהר פיינע קינדער דערצו. גע־בילדעטע קינדער, גוטע קינדער, און העכסט ליבעראַל אין אלע פראגען פון לעבען.

— ליעבען זיי דעם פאָטער?

— ניט זעהר. זיי רעספּעקטירען איהם פונקט ווי איך רעספּעקטיר איהם, אָבער ליעבען — — —

זי איז שטיל געבליבען. אלע וואונדען פון איהר טרויעריגען איינזאַמען לעבען זיינען מיט אמאָל אויפגעפרישט געוואָ־רען און מר. לעבמאַן האָט בעמערקט ווי איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרען.

מיר לעבען יעצט אין א צייט, — האָט מר. לעבמאַן געזאָגט, ארייננעהמענדיג איהר האנד אין זיינער, — ווען די פרויי־ען האָבען אויפגעהערט צו געברויכען טרעהרען אלס זייער געווער אין קאמף פון לעבען. טרעהרען ווערען גאַרניט העל־פען צו פערלייכטערען אייער שיקזאל. איהר מוזט קעמפּפען מיט מוט און קו־ראַזש פיר א נייעם לעבען, פיר א בעסע־רען לעבען. ליעבע איז ווערטה א קאמף. איהר זייט יעצט אין די סאמע מיטעלע יאָהרען, ווען איהר קענט נאָך לעבען גליקליך, זוכט און געפינט אייער גליי־כען וועט איהר ערשט דאן אנפאנגען לע־בען אויף דער וועלט.

— עס איז אָבער זעהר שלעכט דורכ־

צוקומען אין אזא שלעכטער וועלט, — האט זי געשטאמעלט. — מיר לעבען אין א וועלט וואו איינער דעם צווייטען גלייבט נור צו קריטיקירען, צו בערייךען, צו בעליידיגען און צו ערנידעריגען. יעדער איינער וויל ווערען גרויס דורך מאכען אנדערע קליין. איהר ווייסט דאך דעם שפריכווארט וואס מען זאגט: גאט זאל אבהיטען פון גוי'עשע הענד און פון אידישע מיילער. די רעפּיוטיישאן פון א פרוי איז ווי ווייסע זייד, וואס נעהמט אויף זיך זעהר שנעל פלעקען, און דיא וועלט איז זעהר שלעכט און זעהר שטרענג צו פרויען.

— די וועלט איז נאך ניט אזוי שלעכט ווי איהר מיינט, — האט מר. לעבמאן געענטפערט, קוקענדיג גלייך אין איהרע נאאיווע אויגען. — נאך אלעמען, ווער איז דען די וועלט און וואס איז דען די וועלט, וועלכע איהר בעשולדיגט, אז זי איז אזוי גרויזאם שלעכט? איהר און איך, און נאך טויזענדע אזעלכע ווי איהר און ווי איך, שטעלען צוזאמען דאס וואס מיר רופען וועלט. מאנכע מענשען זיינען גוט; מאנכע זיינען ניט אזוי גוט; אבער שלעכטע מענשען זיינען דא גאנץ ווייניג אויף דער וועלט. איהר האט דאך א סימן. צווישען אזוי פיעל מיליאנען און מיליאנען מענשען געפינט זיך בלויז א גאנץ קליינע צאהל פערברעכער. עס זיינען דא א סך מעהר ביבליאטעקען ווי פריזאנס — עס ווייזט זיך אייך בלויז אויס אז אנדערע האבען מעהר אין זיינען ווי זיך אליין — דער אמת איז, אז יעדער איינער איז בעשעפטיגט מיט זיינע אייגענע צרות — און אלץ אזעלכע וואס מען נעהמט זיך אם מעהרסטען אליין, אדער פון וועלכע מען וואלט זיך גאנץ לייכט געקענט בעפרייען, ווען מען זאל געברויכען אביסעל מעהר קוראזש ווי טרעהרען.

---

מאדאם וויינגארטען איז געווען אזוי פעראינטערעסירט אין איהר געשפרעך מיט מר. לעבמאן, אז זי האט ניט געוואוסט וואו די צייט איז אהינגעקומען, און ווען זי האט געזעהן, אז דער בארדוואק איז שוין אין גאנצען ליידיג געווארן, און אז זי איז כמעט די איינציגע דא געבליבען מיט א פרעמדען מאן, חאט זי געפיהלט שטארק אונאנגענעהם, וואס זי וועט דארפען אזוי שפעט ביי נאכט פאהרען אליין אהיים.

ער האט עס פערשטאנען און ער האט איהר געזאגט:

— קומט, מאדאם וויינגארטען, אויב איהר זועט מיר ערלויבען וועל איך נעהמען א טעקסי און וועל אייך אפפיהרען אהיים.

און דאס איז געווען צום ערשטען מאל אין איהר לעבען וואס מר. וויינגארטען איז געפאהרען אזוי שפעט אין דער נאכט איינע אליין אין א טעקסי מיט א פרעמדען מאן.

— ווען מיין מאן זאל עס ,וויסען וואלט ער מיך דער'חרג'עט, — האט זי געמורמעלט צו זיך אליין און דאס הארץ האט אין איהר געקלאפט ווי מיט א האמער פון די נייע געפיהלען, וואס האבען פלוצים איהר גאנצע נשמה בעהערשט. געפיהלען פאר וועלכע זיא האט אליין מורא געהאט, געפיהלען וועלכע זי האט געטרייעט אין זיך צו פערשטיקען און האט ניט געקענט.

זי האט געזעהן ווי די טויערען פון א נייע וועלט עפענען זיך פאר איהר און א מאדנער פחד איז אויף איהר געפאלען.

עס איז אמת, אז זי האט איהר מאן קיינמאל ניט געליעבט. זי האט איהם ניט געקענט ליעב האבען. זיי ביידע זיינען געווען צוויי עקסטרעמען. די טאטעס אין זייער קליינע שטעדטעל האבען זיי ביירע פערשלייערט ווען זיי זיינען נאך קליינע קינדער געווען. נאכהער האט די זארג פון פרנסה איהר אזוי דעם קאפ פארדרעהט, אז זי חאט ניט אין זינען געהאט צו דענקען אפילו וועגען ליעבע, און זי האט געלעבט ווי די מעהרסטע אידישע טעכטער לעבען און מאטערען זיך צוליעב די אונשולדיגע קינדערלעך וואס זיי ברענגען אויף דער וועלט.

ערשט אין אמעריקא, ווען די שווערע זארג פון פרנסה איז ארונטער, ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואקסען און הא־

בען אנגעפאנגען פערדיענען און העלפען פיהרען א ריכטיגע הויז, האט זי זיך ערשט דאמאלס אויסגעריבען די אויגען אביסעל און האט דערזעהן מיט וועמען זיא האט איהרע בעסטע יאהרען פערבראכט — א מאן וואס איז ריכטיג ווי א ווילדע חיה, האט קיינמאל קיין ריכטיגען לעבען ניט געקענט מאכען, ווייל ער ווייסט ניט וואס לעבען איז, זיין פרומקייט איז אהן א גרענעץ, און זיין שלעכטסקייט איז אהן א שיעור. זי האט מיט איהם קיינמאל ניט געהאט וועגען וואס צוויי ווערטער צו רעדען. זי איז געווען בעלעזען, האט געוואוסט אלע וועלט פאסירונגען, איז געגאנגען צו סאָסייעטי מיטינגען, האט זיך אינטערעסירט אין טשאריטי און אין אלע פאליטישע און געזעלשאפטליכע פראגען, און ער האט געוואוסט איין זאך, אז ער דארף מורא האבען פאר גאט, און אז זיינע ווייב און קינדער דארפען מורא האבען פאר איהם.

אויף אזא ארט און ווייזע איז איהר דאס לעבען ווי א שווערע לאסט געפאלען. ערשט ווען איהרע דערוואקסענע מיידלעך האבען אנגעפאנגען ארומגעהן מיט באיס, און איהרע באים האבען אנגעהויבען ברענגען מיידלעך אין הויז, און זי האט געזעהן די פערגעניגענדע יוגענד וואס בליהט אזוי שעהן אונטער די שטראהלען פון ליעבע, ערשט דאן האט איהר אנגעפאנגען צו עגבערען אין מח דער שרעקליכער געדאנק, אז זי האט שוין איהרע בעסטע יאהרען אפגעלעבט אהן ליעבע, אהן צערטליכקייט פון א הארצפריינד, און וואס איז דיא פעולה ווייטער צו לעבען אזא פוסטען לעבען אויף דער וועלט?

ביז אחער האט עס געהייסען, אז זי לעבט און איז איהר לעבען מפקיר צוליעב די קינדער, אבער יעצט ווען די קינדער קענען שוין אליין זייער שטערטעל באשטעהען — וואס האט זי נאך דא צו טהאן? ווער דארף זי דען יעצט האבען? צוליעב וואס זאל זי נור פארנעהמען אומזיסט א פלאץ אין א וועלט וואס האט פאר איהר ניט דעם מינדעסטען רייץ?

איהר יעצטיגע בעגעגניש מיט איזראעל לעבמאן האט אין איהר אריינגעבלאזען א נייעם אטהעם פון לעבען און האפנונג. עס איז אמת, אז זי איז א פערהייראטהע פרוי, אז זי קען איהרע הייליגע פרויען פליכט געגען איהר מאן ניט פערשוועכען. עס איז אויך אמת, אז זי איז א מאמע פון קינדער און זי טאר זיך ניט ערלויבען דאס פולע גליק צו געניסען אלע זיסע פרוכטען פון'ם בוים פון ליעבע — אבער דאס אליין וועט שוין פאר איהר זיין גענוג ווען זי וועט זיך מיט אזא מאן זעהן פון צייט צו צייט, ווען זי וועט מיט איהם רעדען און פערברענגען און וועט האבען פאר וועמען איהר הארץ אויסצוגיסען.

צו האבען אזא חבר אין לעבען — דאס אליין איז א גליק פאר אזא עלענדע און איינזאמע פרוי ווי איך בין, האט זי זיך געטראכט, די פראגע איז נור, וואס דענקט ער וועגען מיר? מעגליך, אז ער וועט יעצט פון מיר אוועקגעהן ווי דער שבת קודש געהט אוועק, און מעהר וועלען מיר זיך שוין קיינמאל ניט זעהן...

ווער קען וויסען וואס די צייט וועט ברענגען?...

## דריטער קאפיטעל
## ליעבע אהן ווערטער

עס איז געווען ארום צוויי אזייגער פארטאג, ווען די טעקסי קעב האט געפיהרט די מאראם וויינגארטען פון קאני איילענד אהיים.

דאס איז געווען צום ערשטען מאל אין איהר לעבען וואס זי איז געווען אבוועזענד פון דער היים אזוי שפעט.

מר. לעבמאן איז געזעסען נעבען איהר און ביידע זיינען געווען שטארק פערטיעפט אין מחשבות.

ביידע האבען געשוויגען און א ווארט ניט גערעדט.

די לבנה און די שטערען האבען לוסטיג ארומשפאציערט איבער'ן ריינעם בלויען הימעל, א מחיה'דיג ווינטעלע

האט געבלאזען פון די בוימער פון פראס־פעקט פארק. דער שאפיער האט געטריבען זיין טעקסי לאנגזאם, כדי דער רעדושיסטער זאל האבען מעהר מיט א פאר סענט צו פערצייכענען, און די צוויי פאסאזשירען האט עס ניט געקימערט.

מר. לעבמאן האט אליין ניט געוואוסט ווי אזוי איהרע הענד זיינען געקומען אין זיינע. ער האט זאנפט איהר בלויזען ארם נעגלעט ניט רעדענדיג א ווארט. דאן האט ער געפיהלט ווי איהר קאפ ליגט אויף זיין ברוסט אנגעשפארט און ער גלעט איהר קאפ מיט אזא צערטליכקייט ווי זי וואלט א בייבי געווען.

א טיעפער זיפץ האט זיך פון צייט צו צייט ארויסגעריסען פון איהר ברוסט, אבער זי האט דעם קאפ פון זיין ברוסט ניט אוועקגענומען. אין געגענטייל, זיא האט זיך וואס ווייטער אלץ פעסטער און פעסטער צוגעטוליעט צו איהם און זיי זיינען אין אזא צושטאנד געזעסען ביז זיי זיינען אריבערגעפאהרען דעם וויליאמסבורג ברידזש און דאן האבען זיי ביידע ווי פון א זיסען טרוים ערוואכט.

— וואוהין דארפען מיר פאהרען? — האט דער שאפיער געפרעגט.

פרוי וויינגארטען האט איהם געזאגט די סטריט און דעם נומער אין די בראנקס און דער שאפיער איז ווייטער־געפאהרען.

— איך וואלט שוין אזוי געפאהרען ביז'ן ווייסען טאג אריין, — האט איהר מר. לעבמאן געזאגט און האט איהר ליעבליך אין די אויגען געקוקט.

— די וועלט האט א מיסטייק, — האט ער פארטגעזעצט, — די וואס דענקען, אז עלטערע מענשען קענען נארניט ליעבען, האבען א גרויסען טעות. ליעבע ווערט קיינמאל ניט אלט. ליעבע איז ווי וויין, צייט מאכט דיא ליעבע נאך שטארקער, איבערהויפט איז די ליעבע שטארק ביי די וואס האבען אין זייער יוגענד ניט געהאט די געלעגענהייט צו ליעבען.

— יא, פריינד, עס איז ריכטיג וויא איהר זאגט, אז ביי די וואס האבען אין דער יוגענד ניט געהאט די געלעגענהייט צו ליעבען איז דער געפיהל פון ליעבע שטארקער, און רייסט זיך מיט מעהר אימפעט צו געגענזייטיגער ליעבע. איך ווייס, איך האב נאך קיינמאל ניט געפיהלט אזוי גוט ווי יעצט. אייער בעריהרונג צינדט אן אין מיינע אויגען דאס ליכט פון לעבען וואס האט שוין געהאלטען ביי אויסגעלאשען ווערען; אייערע ווערטער קלינגען אין מיינע אויערען ווי זיסע טענער פון מוזיק, די פינסטערע וועלט ווערט מיט אמאל ליכטיג פאר מיר אבער, ליידער...

זי איז מיט אמאל שטיל געבליבען, און האט פערצווייפעלט מיט'ן קאפ געשאקעלט.

— וואס מיינט איהר מיט אייערע ווערטער "אבער ליידער"? — האט מר. לעבמאן געפרעגט.

— איך מיין, אז איך האב קיין רעכט ניט צו ליעבען און געליעבט צו ווערען. איך בין א פרוי פון א מאן, און א מאמע פון קינדער — — —

— ביי אידען, און ביי אלע נאציאנען דער וועלט עקזיסטירט א "גט", — האט לעבמאן געזאגט נאכדענקענד, — עס איז אן אונזין, אז אזא אינטעליגענטע פרוי אין די מיטעלע יאהרען ווי איהר זיינט, זאל פועל'ן ביי זיך, שוין אפפינסטערען דאס גאנצע לעבען אהן ליעבע. איך בין גאנץ ווייט פון דער אידעע צו צוברעכען א פאמיליען לעבען, אבער לויט איך פערשטעה פון אייערע ווערטער קערט ניט אייער מאן פאר אזא זאך ווי ליעבע, פאר איהם עקזיסטירט ניט קיין ליעבע, פאר איהם עקזיסטירט א ווייב, וועלכע דארף ציטערען פאר זיין דוך און מורא האבען פאר זיין קוק. ער וועט דאריבער זיך ניט נעהמען שטארק צום הארצען ווען איהר וועט זיך מיט איהם שיידען ריכטיג ווי ער וואלט זיך ניט גענומען צום הארצען און וואלט באלד ווידער חתונה געהאט ווען איהר זאלט שטארבען. איך קען דיעזען סארט מענער זעהר גוט. וואס אנבעלאנגט צו די קינדער — איז גאנץ גענוג וואס איהר האט צוליעב זיי מפקיר געווען א האלבען לעבען. זיי וואלטען פאר אייך אסור געטהאן אזוי פיעל ווי איהר האט געטהאן פאר זיי. איבעריגענס

בלייבט איהר יעדענפאלס צו אייערע קינדער די זעלבע מאמע ווי ביז יעצט, אויב זיי פערגינען דער מאמע צו לעבען אביסעל, און אויב ווידער זיי פערדריסט דאס וואס די מאמע וויל זיך ניט בעגראבען א לעבעדיגע אין קבר, לוינט זיך געווים ניט פאר זיי צו זארגען.

מרס. וויינגארטען האט אויף דיזע ארגומענטען גארניט געענטפערט, דיא גאנצע געשיכטע איז פארגעקומען צו אינערוואַרטעט, פלוצים, זי האט ניט געוואוסט ווי צו האנדלען, וואס צו זאגען, און זי האט ניט ווילענדיג אנגעהויבען וויינען און די טרעהרען האבען זיך פון איהרע אויגען געגאסען ווי פון א טייך.

ענדליך האט זיך דיא טעקסי אפגעשטעלט אין פראנט פון א קליינע הייזקע אין די בראנקס, וואו די וויינגארטענס האבען געוואוינט אויפ׳ן גראונד פלאר אין דער ריער.

מרס. וויינגארטען האט זיך מיט איהר בעגלייטער פריינדליך געזעגענט, און איז אריין אין האל, אבער מיט דער שנעליגקייט פון א בליץ איז זי צוריק ארויסגעלאפען צו דער טעקסי, וואס האט שוין געהאלטען ביים אפפאהרען פון הויז מיט מר. לעבמאן, און האט א צושראקענע אויסגערופען:

— שנעלער, מר. לעבמאן, קומט אראב! שנעלער, איך האב מורא! נעבען מיין טיר ליגט אן אונטערגעווארפענע בייבי!...

## פיערטער קאפיטעל

## די געפונענע בייבי

מיט דער שנעליגקייט פון א בליץ האט זיך אין די בראנקס פערשפרייט די נייעס, אז ביי די וויינגארטענס אין האל האט מען לעצטע נאכט געפונען אן אונטערגעווארפענע בייבי.

פערשיעדענע קלאנגען האבען זיך וועגען דער דאזיגער בייבי פערשפרייט. עס איז געווען א איינגעלע ביי פיער חדשים אלט. ניט געאידישט. אלע שכנים זיינען געלאפען צו די וויינגארטענס אנקוקען דאס געפונענע קינד. יעדע שכנ׳טע האט אן אנדער מיינונג געזאגט. און דאס זינדיגע נשמה׳לע האט אלעמען אין די אויגען געקוקט מיט א ליעבליכע בייבי־שמייכעל.

אלע האבען דאס קליינע עופה׳לע בעדויערט. קיין אונטערשיעד אויף וואס פיר אן ארט און ווייזע עס איז אויף דער וועלט געקומען — איז עס דאך אונשולדיג, פאר וואס זאל עס נעבאך ליידען פאר דער מאמעס זינד? האט איינע פון די שכנ׳טעס בעמערקט און האט ליעבליך די בייבי געצערטעלט.

— פון וואנען ווייסט מען, אז ס׳איז א זינדיגע קינד? — האט א צווייטע בעמערקט, — טאמער האט עס אן ארימע מאמע געמוזט פארלאזען, ווייל זי מוז געהן ארבייטען און מאכען א לעבען? מעגליך אז זי האט זיך בעגאסען מיט ביטערע טרעהרען, איידער זי האט זיך דערמיט צושיידט, ווער קען וויסען?

— מעגליך אז ס׳איז גארניט קיין אידיש קינד? — האט אן אנדער פרוי בעמערקט. — איז עס גע׳מל׳ט?

— ניין, — האט דער אלטער וויינגארטען געענטפערט. — עס איז ניט גע־מל׳ט. עס איז א ממזר, וואס מען טאר אין קיין אידישע הויז ניט אריינלאזען, איך שריי געוואלד, מען זאל עס איבערגעבען צו א פאליסמאן, און ער זאל עס אוועקגעבען אהין וואוהין מען שיקט אוועק אלע ממזרים, און מיין קליפה האט זיך פערכאליעט צו ווערען א גוטהארציגע שוועסטער, און האלטען דעם ממזר ביי אונז אין הויז — מיר דוכט זיך, אז איך וועל נעהמען דעם ממזר מיט איהר צוזאמען און וועל זיי ביידע ארויסווארפען דורך׳ן פענסטער. נאך א ממזר האט מיר געפעהלט צו מטמא זיין מיין הויז?

און ער האט גענומען טופען מיט די פיס און קלאפען מיט די הענד אין טיש, אז ער וויל דעם ממזר אין הויז ניט האבען און וועט איהם ביי זיך אין הויז אונטער קיינע אומשטענדען ניט ערלויבען צו האלטען.

עס איז געווארען אין הויז גאנצע דיסקוסיאנען. איניגע האבען געהאלטען

מיט מר. וויינגארטען, אייניגע ווידער האָבען געזאָגט אז ס'איז א צער בעלי־חיים, ס'איז א רחמנות אויף גאָט'ס באַשעפעניש, און איידער עס איבערגעבען צו א פּאָליסמאַן, זאָל מען עס בעסער טרייען איבערצוגעבען אין א בית יתומים.

אין דער זעלבער צייט איז געשטאַנען פרוי וויינגאַרטען און האָט מיט א באָטעל געהאָדעוועט די בייבי, וואָס עס וועט זיין וועט זיין, דערווייל זאָל דיא בייבי ניט הונגערען.

ווען די בייבי האָט געוויינט האָט זי אויף זיין קליין פנים'על עפּעס בעמערקט אן עהנליכקייט צו איהר מאַן, אָבער זי האָט עס אליין געהאַלטען פאַר א נאַרישקייט און האָט דעם געדאַנק באַלד פאַרטריבען פון איהר מח.

דער דאָזיגער טומעל איז פּאָרגעקומען אַרום עלף אזייגער פון'ם זעלבען פריה־מאָרגען ווען מען האָט די בייבי געפונען, און אין מיטען דער מהומה, סאַמע ווען דער מיסטער וויינגאַרטען איז געשטאַנען אָנגעטהאָן אין דער יאַרמולקע און האָט זיך געקאָכט, האָט זיך געהערט א קלאַפּ אין דער טיהר און באַלד האָט זיך אויף דער שוועל בעוויעזען מר. איזראעל לעבמאַן מיט א לעבהאַפטען שמייכעל אויף זיינע געזיכט.

ער איז צוגעגאַנגען גלייך צו מיסעס וויינגאַרטען און האָט זיא העפליך בעגריסט, דאַן האָט ער איהר געזאָגט:

— מאַדאַם וויינגאַרטען, איך בין אייך געקומען מיטטיילען, אז איך האָב שוין געמאַכט אַלע אַרענדזשמענטס ביי מיר אין הויז צו נעהמען די בייבי צו מיר, און אזוי ווי איך האָב קיין קינדער ניט, וועל איך עס ערציהען אַלס מיינע אן אייגענע קינד. איך האָב שוין אויך אַראַנזשירט א דאָקטאָר און א מוחל און קומענדען זונטאָג וועלען מיר דאָס קינד אידישען כדת משה וישראל. זאָגט אייער מאַן, ער זאָל זיך אויפהערען קאָכען אזוי און זאָל אויפהערען שילטען און זידלען, מאָרגען, אָדער פיליכט נאָך היינט אָוועגד קום איך אהער מיט א נוירס, און מיר וועלען נעהמען דאָס קינד צו מיר.

מרס. וויינגאַרטען האָט איהם געדאַנקט פאַר זיין גוטהערציגקייט, און זי האָט איהם דערלאַנגט א פערמאַכטען קאָנווערט אין האַנד אַריין, און האָט איהם דאַביי געזאָגט שטילערהייד:

— דיעזער קאָנווערט מוז ענטהאַלטען די גאַנצע היסטאָרי פון דער אונגליקליכער בייבי. ער איז געווען צוגעפּינט צום קינד'ס דרעסקעלע. איך וויל עס דאָ ניט לעזען. נעהמט עס צו אייך און לעזט עס דורך. ווען איהר וועט קומען נאָך'ן קינד וועל איך אויך מיטפאָהרען און וועט מיר שוין דאַן קענען זאָגען דעם אינהאַלט.

ביים אוועקגעהן האָט איהם מרס. וויינגאַרטען בעגלייט ביז אין האָל אַריין און האָט איהם געזאָגט:

— יעצט, אזוי ווי איהר ווערט דער פאָטער פון דיעזען קינד, וועל איך פון מיין זייט טרייען צו צייגען מוטערליכע צערטליכקייט צו דעם. און אויב אייער פרוי וועט מיר נור ערלויבען, וועל איך עס מאַכען אַלס מיין פליכט צו קומען יעדען טאָג צום קינד געוואָהר ווערען...

— מיין פרוי — — — האָט ער אָנגעפאַנגען, — אָבער, וועלל, דערפון וועלען מיר שוין רעדען, ווען איהר וועט זיין ביי מיר — האָט ער געענדיגט און האָט זיך מיט איהר געזעגענט און איז אוועק אהיים.

פינפטער קאַפּיטעל

## די בייבי, דער טאַטע און די מאַמע

עס האָט גענומען א שטונדע ביים אַלטען מר. איזראַעל לעבמאַן איידער ער האָט איבערגעלעזען דעם בריעף וואָס מרס. וויינגאַרטען האָט איהם מיטגעגעבען — דער בריעף וואָס זי האָט געפונען צוגעפּינט צו דער דרעסקע פון דער געפונענער בייבי.

אין דעם שרייבען האָט זיך אַרויסגעצייגט דייטליך אז די שרייבערין איז א עכט אינטעליגענטע פרוי, און עס האָט איהם שטאַרק לייד געטהאָן וואָרום די

געהיימניספולע פרוי בעהאלט איהר נאמען. ווען זי זאל געווען אנגעבען איהר נאמען און אדרעסע וואלט ער פיעלייכט פיעלעס געקענט טהאן פאר איהר איהרע שמערצען צו פערלייכטערען, און געפינען עטוואס טרייסט פאר איהר אין איהר ביטערע פערצווייפלונג.

מר. איזראעל לעבמאן, וועלכער איז שוין געווען א מאן פון א יאהר עטליכע און פופציג, האט כמעט אלע זיינע יאהרען געלעבט פאר יענעם, און זעהר וועניג פאר זיך. ווען ער האט דערהערט א קרעכץ, ווען ער האט דערזעהן א טרער ביי איינעם, איז ער געלאפען אין פייער און אין וואסער יענעם צו העלפען ער זאל ניט דארפען מעהר זיפצען און ניט מוזען מעהר וויינען.

ער איז געווען א שטארקער אנהענגער פון לעבען און לאכען. ער האט געטרייעט זיינע אפטימיסטישע אידעען פון לעבען און לאכען צו פערשפרייטען אזוי ברייט און אזוי ווייט ווי ער האט נור געקענט, און ווען ער האט בעגעגנט זארג און טרעהרען, האט עס זיין נשמה אין שטיקער געריסען. ווארום זאלען מענשען וויינען? ווארום זאלען מענשען מוזען ספענדען שטונדען פון אזא קורצען לעבען אויף קרעכצען און זיפצען?

ווען מר. לעבמאן האט געהערט אדער געזעהן, אז יעמאנד ליידעט, האט ער ניט געוואלט וויסען אויב יענער איז שלעכט, אדער גוט, אויב יענער איז פרום אדער פרייגעזאנען — קוים נור איז עס א מענש, מוז ער קריגען סימפאטי און טרייסט און ארויפגעפיהרט ווערען צוריק אויף'ן וועג וואס פיהרט צו לעבען און צופריעדענהייט.

אזוי ווי די קליינע מיידעלעך וואס געהען ביי א חופה בעפאר חתן כלה מיט בעסקעטס בלומען, און פערשפרייטען דעם וועג פון חתן כלה מיט פרישע דופטענדע ראזען, אזוי איז אימער מר. לעבמאן ארומגעגאנגען פערשפרייטענדיג די בלומען פון לעבען פאר דער מענשהייט סאי אין ווארט און סאי אין שריפט.

און מערקווירדיג! פיעלע האבען געדענקט אז דער דאזיגער מר. לעבמאן מוז אליין געווים זיין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט, און דאס איז די אורזאכע פאר וואס ער איז אזא שטארקער אנהענגער פון לעבען, וועהרענד אין דער ווירקליכקייט האט איהם אליין דאס לעבען שרעקליך אפגענארט, ער איז געווען ארומגערינגעלט מיט איוב'ס צרות פון אלע זייטען — און דאס איז נאר געווען די אורזאכע וואס האט איהם געמאכט אלס א וועקער ער זאל וועקען די מענשהייט צו לעבען און געניסען פון לעבען, ווייל ער אליין האט געפיהלט ווי ביטער עס איז צו לעבען אין זארג און אין שטענדיגע נשמה־מאטערניש.

ווען ער האט איבערגעלעזען דעם בריעף פון דער געהיימניספולער פרוי, האט ער גרויס מיטלייד מיט דער אונגליקליכער זינדיגער מוטער בעקומען.

אין אמת איז עס ניט געווען א בריעף, נור א גאנצע היסטאריע פון אן אונגליקליכע באשעפעניש, וועלכע ליעבט מיט איהר גאנצען לעבען א מאן, וואס איז עס ניט ווערטה.

„מיין טייערע לידי וויינגארטען, האט זיך די לאנגע מגילה אנגעפאנגען, איך לאז מיין קינד נעבען אייער טיהר, כאטש איהר קענט מיך ניט און ווייסט ניט ווער און וואס איך בין.

איך קען אייך אבער יא. איך האב זייט אייניגע יאהר געוואטשט און שטודירט אייער גוטע ארבייט אויף'ן פעלד פון טשאריטי, איך האב געלעזען אייניגע אייערע שריפטען, און איך האב געוואוסט, אז איהר זיינט דיא איינציגע פערזאן, וועמען מען קען אנפערטרויען א לעבען פון אן אונגליקליכע באשעפעניש, וואס איז געבוירען געווארען דורך זינד פון אן עהרליכער אונשולדיגער מוטער.

ס'וועט קומען א צייט ווען איהר וועט אלעס וויסען—איהר וועט וויסען ווער איך בין, ווער די בייבי איז, און ווער דער פאטער פון דער בייבי איז. דאן וועט איהר נאך מעהר קענען בעגרייפען ווארום איך האב אויסגעקליבען אייער טיר פאר מיין קינד.

פארלויפיג בעט איך אייך, איהר זאלט

געבען מיין קינד א גוטע, א ליעבע און א צערטליכע חיים.

אבוואהל איך וואלט צו דיעזען קינד געדארפט טראגען די ביטערסטע שנאה און דעם גרעסטען האס, לויט די ארט און ווייזע ווי דאס איז אויף דער וועלט געקומען — אבער איך בין דאך א פרוי, און א פרויען הארץ קען ניט טראגען קיין שנאה צו אן אונשולדיגע בעשעפעניש — מעג דער פאטער פון קינד זיין דער גרעסטער אויסוואורף פון דער מענשהייט.

איין גאט וויסט דעם אמת וויפיעל שמערצען, ליידען און נשמה־מאטערניס איך האב די לעצטע צייט איבערגעטראגען, טרייענדיג אויסצומיידען עפענטליכען סקאנדאל.

ערשט מיט א פאר טעג צוריק בין איך געגאנגען מיט דער זעלבער בייבי אויף ברוקלין ברידזש מיט דעם געדאנק איך זאל מיט'ן קינד צוזאמען אין וואסער שפרינגען, און מאכען א סוף צו צוויי טרויעריגע לעבענס מיט אמאל.

אבער אין דעם מאמענט, וואס איך בין שוין געווען פערטיג דאס צו טהאן, איז מיר אויפגעקומען אויף די געדאנקען א לעקטשור, וואס איך האב אמאל געהערט פון'ם בעקאנטען דענקער איזראעל לעבמאן, דער נאמען פון לעקטשור איז געווען "נעכטען, היינט און מארגען", א לעקטשור וואס האט אריינגעגעבען אין מענשען אזוי פיעל טרייסט און האפנונג און אזא שטארקען גלויבען אין מארגען, אז איך האב אין זעלבען מאמענט מיין מארד און זעלבסטמארד אידעע צוריקגעצויגען און האב אנגעפאנגען פיהלען אזא צוציהונגס קראפט צום לעבען, אז איך בין צוריק אהיים געגאנגען מונטער און פרעהליך, גלייך ווי איך בין שוין א געהאלפענע געווארען, און פאר מיר וועלען זיך באלד עפענען ברייט אלע טויערען פון גליק און ליעבע.

מיין טהייערע מרס. ווינגארטען, איך האב אייך אזוי פיעל צו שרייבען, אז איך וויים ניט פון וואנען צו אנפאנגען און וואו צו ענדיגען.

איך בין יעצט קוים אלט 31 יאהר, אבער פון זינט איך בין צו מיין פערשטאנד געקומען געדענק איך זיך אלס פרוי — אזוי יונג בין איך געווען ווען איך האב חתונה געהאט, און פון זינט איך געדענק האב איך פון מיין מאן געהאט צרות און וואס מעהר צרות איך האב פון איהם געהאט אלץ מעהר האב איך איהם געליעבט.

איך וויים ניט ווארום — אבער אזוי איז עס. איך האב מיין מאן געליעבט מיט'ן גאנצען פייער פון מיין נשמה, פיעלייכט קומט עס דערפון וואס איך האב יונג חתונה געהאט און בין צו איהם איינפאך צוגעוואקסען געווארען.

כמעט יעדעס יאהר האט ער מיך איבערגעלאזט אויף צוויי דריי חדשים און פלעגט פערשוואונדען ווערען ווי אין וואסער אריין. מיט אמאל פלעגט ער זיך ווידער בעווייזען, ווי ניט איהם מיינט מען, איך פלעג איהם פאלען אויף'ן האלז און פאר איהם וויינען און בעטען איהם ער זאל מיר מעהר מיין הארץ ניט צוברעכען ; ער פלעגט מיר אלעס פערשפרעכען, אבער ס'איז געווען א נעכטיגער טאג, ער פלעגט ווידער אוועק און ווידער קומען, איך האב קיינמאל ניט געוואוסט ווען ער וועט אוועק און האב קיינמאל ניט געוואוסט ווען ער וועט צוריק קומען.

מיינע קישענס זיינען נאס געווען פון טרעהערען, אזוי האב איך געוויינט און געקלאגט בענקענדיג נאך איהם. ביי נאכט פלעג איך וויינען און ביי טאג האב איך געמוזט שווער ארבייטען צו פערדיענען מיין ברויט מיט פוטער.

פון ארבייטען האט ער קיינמאל ניט געוואוסט. ער איז דעריבער אימער געווען שעהן און יונג און פראנטיש געקליידעט ווי דער גרעסטער ספארט. ביי איהם איז געווען רעכט אוועקצונעהמען מיינע לעצטע שווער פערהארעוועטע פאר דאלאר און אויף זיך פערקליידען, אבער ווי איך האב שוין פריהער ערקלעהרט — ליעבע פערצייהט אלעס.

אויסער די אלע מעלות האט ער נאך געהאט א מעלה וואס האט מיר איינ־

פאר צו וואהנזין געטריבען. ער פלעגט מיך שרעקליך זידלען, בעליידיגען און ערנידעריגען. אפט האט ער זאגאר געגען מיר א האנד געהויבען.

איך בין פון נאטור א שטילע, א רוהיגע און זעהר א שעהמעוודיגע פרוי. איך האב מורא און ציטער פאר לייטישע מיילער, און איך האב דאריבער געדולדיג געטרייעט צו שוויגען און אלעס צו פארגלעטען, אבי עס זאל ניט קומען צו לייטיש געלעכטער.

אפטמאל, ווען איך גיב א טראכט וועגען דער ברוטאלער בעהאנדלונג, וואס איך האב פון מיין מאן געקראגען די אלע יאהרען וואס איך בין מיט איהם פערהיראטה, פרעג איך ביי זיך אליין דיא פראגע: רבונו של עולם, צי האט דען דער מענש קיין תארץ, קיין כאראקטער, קיין געפיהלען פון מיטלייד, קיין סימן פון רחמנות?! איך וואלט דאך א קאץ ניט געקענט אזוי מאטערען ווי ער האט מיך געמאטערט!

און תערט די טענות זיינע, וואס ער האט צו מיר געהאט: איך בין צו שעהן און צו געזונד, ס'איז אונמעגליך, אז איך זאל זיין אן ערענטליכע פרוי. ער האט שוין איין מאל גענומען א הייסע גלאז טהעע און אויף מיר ארויפגעגאסען דענקענדיג, אז עס וועט אפבריהען מיין פנים און איך וועל ווערען מיאוס. וואס האט ער מיר ניט געטהאן? אבער ווי אויף להכעיס האט מיר קיין זאך ניט געשאדעט, אז עס איז בעשערט צו לעבען, לעבט מען אויף צרות! און איהר מעגט מיר גלויבען, מאדאם וויינגארטען, איך שווער אייך ביי אלעס, וואס ביי א מענשען איז הייליג, אז מיין מאן האט קיין רעכט געהאט מיך צו בעשולדיגען אדער זאגאר צו פערדעכטיגען אין אונטרייהיט. מיין מיסיאן אלס פרוי האב איך אימער הייליג געהאלטען. איך בין בלויז ניט געווען קיין "וצדקתך", איך פלעג רעדען מיט מענער, הערען א שפאס, אליין זאגען א שפאס, א לאך טהאן, א שטיפ טהאן אמאל — אבער ניט מעהר. שלעכטע געדאנקען זיינען מיר קיינמאל אין מח ניט געקומען, ווייל איך האב נור געטרוימט וועגען דער ליעבע צו מיין מאן.

צו דער זעלבער צייט איז מיין מאן געווען פונקט דאס געגענטייל פון מיר. און איך וויל גאר פון מיין מויל ניט ארויסברייינגען די אלע געמיינע פערברעכען וואס ער האט בעגאנגען געגען אונשולדיגע יונגע מיידלאך, וואס ער האט פערפיהרט און פעראונגליקט. און ער אליין פלעגט זיך נאך דערמיט בעריהמען.

עס איז געקומען אזוי ווייט, אז ער האט געקראגען די ריכטיגע שטראף פאר זיין אויסגעלאסענעם לעבען. ער איז קראנק געווארען. דאן איז ער אביסעל בעסער געווארען צו מיר, און אזוי ווי אין דער טיעפעניש פון מיין נשמה האט נאך אימער געטליעט דאס פייער פון ליעבע צו איהם, האב איך מיט איהם גרויס מיטלייד געהאט, און עס איז ביי אונז בעשלאסען געווארען ער זאל אוועקפאהרען נאך וויען אדער נאך קארלסבאד זיך אויסצוקורירען, און ווען ער וועט צוריק קומען, וועט ער שוין צו מיר זיין א מאן ווי גאט האט געבאטען.

אזוי אם ווענגיסטען האט ער מיר פערשפראכען.

איך האב פערקויפט מיין ביסעל דזשועלערי און האב זיך פערבארגט און פערליהען וואו איך האב נור געקענט, און האב איהם געגעבען אויף דער הוצאה.

קומענדיג אין וויען האט ער מיר געשריעבען, אז ער איז געווען ביי דיא גרעסטע פראפעסארען דארט, און זיי האבען איהם געזאגט, אז זיין קוראציע מוז נעהמען אם ווענגיסטען צוויי יאהר, אבער זיי האבען איהם פערזיכערט אז ער וועט זיין פאלשטענדיג געזונד. ער האט מיך דעריבער געבעטען איך זאל אויף איהם רחמנות האבען און זאל איהם שיקען רעגעלמעסיג אם ווענגיסטען 10 דאלאר א וואך, וועט ער וויסען, אז פאר זיין לעבען האט ער אין גאנצען מיר צו פערדאנקען.

איך האב קיין מינוט ניט געצעגערט און האב איהם יעדע וואך געשיקט צעהן

דאָלאַר און אַמאָל נאָך מעהר, און ווען די צוויי יאָהר זיינען פאַראיבער, האָט ער מיר געשריעבען איך זאָל איהם שיקען געלד אויף א שיפסקאַרטע און אויף אַלע אַנדערע נויטיגע עקספּענסעס, און ער פאָהרט יעצט אהיים ניט בלויז א געזינדטער, נור אויך א בעסערער מאַן.

יעצט האָב איך א בריעף אז מיין מאַן קומט שוין צו פאָהרען, איך זאָל איהם ערוואַרטען אין צוויי וואָכען ארום. ער קומט מיט דער שיף לאַסאַל.

הײנט שטעלט זיך פאָר, גוטע פרוי ווײנגאַרטען, וואָס פאַר אַן אומגליק עס וואָלט געווען פאַר מיר ווען מיין מאַן זאָל קומען און זאָל נאָך איבער צוויי יאָהר אבוועזענהייט ביי מיר טרעפען א ניי־געבוירענע בייבי!

און אָט די דאָזיגע שרעקליכע בייבי האָב איך געבען אייער טיר געלאָזען, גוטע פרוי.

עס זיינען מיר געבליבען צוויי וועגען — ענטוועדער מאָרד און זעלבסטמאָרד צו בעגעהן, אָדער פון'ם קינד זיך צו בעפרייען ביז א צייט, — און איך האָב בע.

עס איז א גרויסער מיסטייק, און אָפּטמאָל אויך א געפעהרליכער מיסטייק. מאַסען אומגליקען וואָלטען פערהיט געוואָרען, ווען מיידלאַך זאָלען זיך בעראַטען מיט זייערע מאַמעס ווענען זייערע געליעבטע.

נעוועהר מיינד, וואָס די מאַמע איז אַז אויסגעפּליבען דאָס לעצטע, ווייל איך האָב אייך שוין ערקלעהרט די אויסערגעוועהנליכע קראַפט פון מיין ליעבע צו מיין מאַן, און איך האָב ביי זיך ניט געקענט פועל'ן, אז דורך מיר זאָל ער מוזען אזוי פיעל וועהטאָג און שאַנדע ליידען.

דאָס קינד איז יעצט אַלט פיער וואָכען. ער איז נאָך ניט געאידישט ווייל איך האָב עס געהאַלטען ביי א פּוילישער פרוי. ווי אזוי איך האָב עס געהאַלטען ביי דער פרוי? ווי אזוי איך האָב דאָס קינד געהאַט? ווער עס איז דער שולדיגער אין דעם דאָזיגען שווערען שוואַרצען פלעק אויף מיין נשמה וועלכע איך האָב אַלע מיינע יאָהר אזוי הייליג און ריין געהאַלטען? ווענען דעם וועל איך אייך שרייבען אזוי שנעל ווי עס וועט נור קומען דערצו די פּאַסענדע געלעגענהייט.

## זעקסטער קאַפּיטעל

## ווען די אייער ווילען זיין קליגער פאַר די היהנער

עס איז א מיסטייק, א גרויסער מיסטייק, דאָס וואָס פיעלע מיידלאַך דיינקען, אז אין די אנגעלעגענהייטען פון זייער ליעבע קען די מאַמע גאַרניט וויסען און עס לוינט זיך ניט דערצעהלען דער מאַמע ווענען אַלע שוועריגקייטען וואָס מען האָט, ווען מען מאַכט דורך די שטורמדיגע רייזע איבער'ן ים פון ליעעלטערע פרוי. דאָס האַרץ פון א פרוי ווערט קיינמאָל ניט אַלט, און דאָס אויג פון א מאַמע קוקט א סך ווייטער ווי א קינד קען זיך פאָרשטעלען. עס דאַרף נעהמען ביי א מיידעל דריי יאָהר צו קענען אזוי איהר באָי מיט וועלכען זיא רענקט צו חייראַטהען, וויא דיא מאַמע וועט איהם דערקענען דעם ערשטען אבענד וואָס ער וועט צו איהר אין הויז אריינקומען.

די אייער קענען ניט זיין קלוגער פון די היהנער, און די מיידלאַך, וואָס מיינען, אז זיי זיינען קליגער ווי זייערע מאַמעס, בעגעהן אָפט אזעלכע פעהלערען, וואָס קענען נאָכהער ניעמאַלס אין לעבען אויסגעבעסערט ווערען.

מאַסען צובראָכענע הערצער קומען פון ניט פאָלגען א מאַמע און פון ניט פרעגען ביי א מאַמע אַן עצה. די קינדער אנערקענען עס נאָכהער, אָבער ווען עס איז שוין צו שפּעט. א צובראָכענע האַרץ קען מען ניט פערקלעפּען און עס צוריק גאַנץ מאַכען.

אזעלכע קרבנות זיינען דאָ אין דיא טויזענדע און טויזענדע, און מיידלאַך הערען עס, זעהען עס, לעזען עס אין די צייטונגען טאָג טעגליך און נעהמען דערפון קיין לעקאָן ניט.

איינע פון אזעלכע קרבנות איז געווען פרייליין בעללא ווײנגאַרטען, די טאָכ־

טער פון די וויינגארטענס ביי וועמעס טיר מען האט די אונטערוואַרפענע ביי־בי געפונען.

בעללא וויינגארטען איז געווען א הענכסט געבילדעטע אידישע טאכטער. איבערהויפט איז זי געווען שטארק בע־לעזען. עס איז ניט געווען איין בוך פון עטוואס וויכטיגקייט אז זי זאל איהם ניט האבען געלעזען.

און זי איז ניט אפגעקומען בלויז מיט דעם לעזען אליין. זי האט געלערענט און טיעף שטודירט יעדען בוך וואס זי האט געלעזען, און זי האט איהר אורטייל גע־געבען איבער יעדען נייעם טיפ וואס איז אין יעדען בוך געשאפען געווארען.

זי האט געקענט זיצען מיט אייך שטונדען און שטונדען לאנג און אייך געבען אינטערעסאנטע מיינונגען וועגען ביכער און שרייבערם — און יעדע מיי־נונג איהרע האט געהאט א ווערטה. איהר האט געזעהן, אז איהר האט צו טהאן מיט א פערזאן וואס האט א שארפען פערשטאנד און א ברייטען בליק אויף אלעס.

אבער מערקווירדיג — ווי שארף זי איז געווען אין קענען די מענער כאראק־טערע פון די ביכער, אזוי שוואך איז איהר פערשטאנד געווען צו דערקענען די מענער פוןווירקליכען לעבען.

ווען אונזער געשיכטע פאנגט זיך אן איז זי שוין געווען א מיידעל פון א יאהר זיבען און צוואנציג.

זי האט שוין בעגעגענט צעהנדליגע יונגערע און עלטערע באַים, וועלכע האַ־בען איהר פערדרעהט דעם קאפ און אם ענדע האט זיך אויסגעלאזט א נעבטיגער טאג.

צו פרעגען ביי דער מאמע אן עצה איז איהר ניט אנגעשטאנען, ווייל זיא האט זיך געהאלטען א סך קלוגער פון דער מאמע. ווי קומט די מאמע, אן אל־טע אידענע, האבען א בעגריעף אין זא־כען וואס האבען צו טהאן מיט ליעבע.

און אפטמאל ווען די מאמע פלעגט קומען מיט אן עצה אומגעבעטען, פלעגט זיך בעללא גוט אויסלאכען און זאגען:

— מאמע, זאלסט זיך נור פאר מיר ניט זארגען, איך קען מיין שטעדטעל אליין בעשטעהן, וואַרט ביז איך וועל דיך רופען פאר א מחותנת'טע צום גריי־טען!

און די מאמע האט געווארט און האט זיך מעהר ניט געמישט, און בעללא איז אלע מאל געקומען מיט אן אנדער באי, אזוי זיינען זיי געקומען און אזוי האבען זיי אויפגעהערט צו קומען, און זי האט איהר נאטירליכע רויטקייט פון איהרע שעהנע באקען פערלוירען, איז שרעקליך מאגער געווארען און זעלטען ווען מען האט אויף איהרע ליפען געקענט א שמיי־כעל בעגעגענען.

דער לעצטער יונגערמאן וואס איז אריינגעקומען צו בעללא'ן איז געווען א אויסערגעוועהנליכער ספאַרט, זיין סוט איז געווען ווי אויסגעגאסען אויף איהם. די שווארצע האר אימער פיין פערקאמט און שטארק פארפיומירט. די נעגעל האַ־בען געגלאנצט שטענדיג ווי נור וואס פון דעם מאניקור טישעל. ער האט געהאט א פאר שווארצע גרויסע אויגען וואס האבען געשפריצט מיט פייער פון ליי־דענשאפט. ער איז אלט געווען א יאהר פינף און דרייסיג, אבער ער האט אויס־געקוקט פיעל יונגער.

זיין נאמען איז געווען אראלף בעראן, אבער גערופען האט מען איהם בלויז ביים נאמען בעראן. קיינער פון זיינע בעקאנטע האט געזאגט מיסטער, נור פליין בעראן. וואס הערט זיך, בעראן? ווי געהט עס, בעראן? און ער האט זיך קיינמאל ניט געפונען בעליידיגט דערפון וואס מען נעהמט פון איהם אוועק דעם מיסטער.

אין אלע פערשיעדענע וועלטס־פראַ־גען איז ער געווען א שטומער מענש און האט א מויל ניט געקענט עפענען, אבער ווען עס איז געקומען צו פראגען וואס האבען צו טהאן מיט געמבלען — פון קארטען, פון פערדלעך און פון פייטס האט ער אויפגעלעבט און געצייגט אין דעם אזוי פיעל בעגייסטערונג און איג־טערעסע און אזא גרויסע געניטקייט ווי ער וואלט זיין א פראפעסאר פון געמב־לינג.

די זעלבע אינטערעסע האט ער אויך גענומען אין פראגען וואס האבען צו טהאן געהאט מיט פרויען סקאנדאלען, ער האט געוואוסט די נעמען פון יעדען אקטיאר און אקטריסע וואס האבען גע־הייראטה און וואס האבען זיך גע׳גט. ער האט געוואוסט די דעיטס ווען זיי האבען געהייראטה און ווען זיי האבען זיך גע־גט און וויפיעל מאל זיי האבען זיך גע־גט.

ער איז אויך געווען בעהאוועגט אין אלע האלד־אפס וואס זיינען פארגעקור־מען, ניט בלויז אין ניו יארק, נור אויך אין גאנץ אמעריקא.

בעללא וויינגארטען, וועלכער איז פון נאטור געווען א גרויסע פערעהרערין פון קונסט און שעהנהייט האט זיך פער־ליעבט אין בארא׳ען בלויז פאר זיין שעהנקייט. איהר בעגעגניש מיט איהם איז פארגעקומען אין סאבוועי, וועהרענד בעללא איז געפארען פון דער ארבייט. זי איז געזעסען און האט געלעזען א בוך, און ער איז געשטאנען נעבען איהר אנ־האלטענדיג זיך אן א סטראפ. אויפהוי־בענדיג איהרע אויגען און דערזעהענדיג זיין שעהנקייט, האט איהר דאס הארץ אנגעהויבען פעסטער צו קלאפען און ווען זי האט בעמערקט ווי ער האט איינגעגראבען זיינע שווארצע גרויסע אויגען אין איהר זילבער־ווייסע לייב, וואס האט ארויסגעשטראהלט פון איהר לייכטער זומער דרעס וואס זי האט דאן געטראגען טיעף נעגליזשעע, האט זי גע־פיהלט ווי די פונקען פייער פון זיינע אויגען צינדען אן אין איהר נשמה א פלאם וואס זי האט נאך אין איהר גאנ־צען לעבען ניט געפיהלט.

שטעהענדיג נעבען איהר האט ער זיי־נע קניע אלע מאל פעסטער און פעסטער צוגעדריקט צו איהרע, ער האט געזעהן ווי איהר געזיכט פלאמט און ווערט פון מינוט צו מינוט בעדעקט אלץ מיט מעהר און מעהר פייער און ער האט נאך מעהר געטוליעט זיינע קניע צו איהרע. אטא־מאטיש האט זי אויפגעהויבען איהרע אויגען אויף איהם א קוק צו טהאן און

דער בוך איז איהר פון די הענד ארויס־געפאלען.

מיט דער שנעלינקייט פון א בליץ האט ער דעם בוך אויפגעהויבען און האט איהר איהם דערלאנגט, מיט די ווערטער "עקסקיוז מי לידי, עס איז ניט מיין שולד!"

— איך וויים אז עס איז ניט אייער שולד, — האט זי געשטאמעלט.

— איהר קוקט מיר אויס זעהר שטארק בעקאנט, פריילין. איך האב אייך אמאל ערגעץ געזעהן, — האט בארא׳ן אנגעפאנ־גען אום א נעשפרעך צו פערפיהרען און ביי איהר איז עס אין הארצען געווען שטארק אנגעלייגט.

— איך וויים ניט, — האט זי געענט־פערט עטוואס פערשעהמט, — מעגליך אז איהר האט מיך באגעגענט טאקע דא פאהרענדיג אמאל. איך פאהר יעדען אבענד אין דער זעלבער צייט אהיים.

— ביי וואס פאר א סטיישאן געהט איהר ארונטער? — האט ער געפרעגט.

— אין הונדערט און אכציגסטע סט., מיר וואוינען נישט וויים פון בראנקס פארק.

— איך געה אויך ארונטער ביים זעל־בען סטיישאן, — האט ער געענטפערט.

אוןווירקליך אזוי איז געווען. ביידע זיינען ארונטערגעגאנגען ביים זעלבען סטיישאן און ער איז געגאנגען מיט איהר ביז זי האט זיך אפגעשטעלט אין פראנט פון א פיינע צוויי שטאקיגע הייזקע, און האט איהם געזאגט:

— דא וואוין איך מיט מיינע עלטערען.

— עס פריידט מיך אייער בעקאנט־שאפט, — האט ער בעמערקט און האט ווארעם איהר האנד געדריקט.

— מיך אויך, — האט זי געשטא־מעלט.

— קען מען אמאל אריינקומען אייך זעהן, פריילין — —

— וויינגארטען איז מיין נאמען, — האט זי איהם אונטערבראכען.

— מיין נאמען איז בארא׳ן, ארדאלף בארא׳ן.

— קומט אמאל אריין צו אונז, — האט זי געזאגט, און ער האט איהר גליד

נעענטפערט, אז ער נעהמט מיט פערגע־
ניגען אן איהר איינלאדונג, און דאס
האט פערזיגעלט איהר שיקזאל און זי
האט שפעטער פערשאלטען; דיא מינוט
אין וועלכער זי האט זיך מיט דיעזען
מאן בעגעגענט.

א מאמעס הארץ איז ווי א זייגער. פרוי וויינגארטען האט דעם יונגען מאן ניט געגליכען פון דעם ערשטען מאל וואס זי האט איהם דערזעהן ביי זיך אין הויז. ניט בלויז איז זי צו איהם געווען גלייכגילטיג, נור עפעס האט זי אינסטינקטיוו באלד דערפיהלט אז דער ספארטישער יונגער מאן ברענגט טרערען און ליידען צו איהר קינד.

בעללא האט איהם עמפפאנגען ווי מען עמפפאנגט א פרינץ, זי האט גארניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט איהם, אם ענדע האט ער זי גענומען שפאציערען און ווען זי איז צוריקגעקומען נאך א האלבע נאכט, האט זי נאך געפונען דער מוטער וואכענדיג.

— איך ווארט אויף דיר, בעללא, — האט די מוטער געזאגט מיט א שווערען זיפץ, — איך וויל מיט דיר עפעס רעדען.

בעללא האט זיך אויסגעטהאן איהרע סטריט קליידער, האט אנגעטהאן א קימאנא און הויז־סליפערס און האט זיך אוועקגעזעצט נעבען דער מאמע.

— איך האב נאך קיינמאל ניט געפיהלט אזוי פיין ווי איך פיהל יעצט, מוטער, — האט זי געזאגט מיט א לוסטיגער קלינגענדער שטימע. ער איז א בריליאנטענער יונגערמאן, צו קוקען בלויז אויף אזא מאן איז א פלעזשור.

— און איך האב עפעס מורא פאר איהם, — האט די מוטער געשטאמעלט. — איך וויים ניט וואס, איך וויים ניט ווארום, אבער מיין הארץ זאגט מיר, אז ער וועט ברענגען טרערען צו אונז אין הויז.

— נעווער מיינד, מאמע, לאז די אלע זאכען צו מיר; —

— אבער וויסטו ווער און וואס ער איז און וואס ער מיינט מיט זיין געהן מיט דיר?

— דא איז ניט יוראפ, מאמע, און ניו יארק איז ניט שניפישאק. איך דארף ניט וויסען זיין יחוס, ער מעג זיין א בעדערס א זוהן, אדער א רב'ס א זוהן איז ער ביי מיר א גלייכער מיוחס, דא איז דער עיקר דער מענש אליין, און ער איז א וואונדער. זיינע צוויי אויגען אליין זיינען גענוג אז יעדע פרוי זאל זיך אין איהם פערליעבען.

— יא, — האט איהר די מוטער אונטערבראכען, — אויגען היינט, אויגען מארגען, אבער טאמער האט ער ערגעץ נאך א ווייב, אדער טאמער...

— איך האב דיך שוין טויזענד מאל געבעטען, מאמע, אז דו זאלסט זיך אין מיינע אנגעלעגענהייטען ניט מישען. דו ביסט א פרוי נאך פון דער אלטער וועלט, דו ווייסט ניט וואס לעבען און וואס ליעבע איז. די היינטיגע מאדערנע מיידעל פערשטעהט א סך מעהר ווי די אמאליגע פרוי, און אויב דו ווילסט בלייבען ביי דיין כבוד, מוטער, בעט איך דיך, אז דו זאלסט מיט מיר רעדען וועגען וואס דו ווילסט, אבער ניט וועגען איהם. אויב אבנארען וועל איך זיך אבנארען, ניט דו, היינט ווארום זאלסטו זארגען מעהר ווי איך, איך בין שוין ניט קיין מיידעלע פון זעכצעהן יאהר, איך בין שוין אלט פינף און צוואנציג יאהר און איך קען שוין גאנץ גוט מיין שטערטעל אליין בעשטעהן.

— וואס רעדסטו, מיין קינד, איך בין דאך א מאמע — —

רעד ניט מעהר דיינע נארישקייטען, איך וויל ניט הערען, — האט בעללא אויסגערופען בייז און איז אוועק צו זיך אין בעדרום שלאפען.

---

אבער די מאמע, די ארימע מאמע, האט די גאנצע נאכט ניט געקענט שלאפען.

שרעקליכע חלומות האבען איהר שלאף געשטערט, חלומות וואס האבען פערצייכענט זעהר א שלעכטע צוקונפט פאר איהר קינד...

## זיעבעטער קאפיטעל

## מוטער און טאָכטער זעהען חלומות

קיינער האָט ניט געוואוסט אזוי דעם טעם פון לעבען און עלענדען איינזאמען לעבען אהן ליעבע און אהן פריינדשאפט ווי די פרוי וויינגארטען האט עס גע־וואוסט. און איהר מוטער הארץ האט זיך זעהר געשראָקען, אז איהר קינד, וואס איז ביי איהר טייער ווי דאס שווארצ־אפעל פון אויג זאל אויך ניט האבען אזא אונגליקליכען לעבען ווי זי.

אין פאקט האט זי גארנישט געהאט אויסצוזעצען געגען דעם יונגענמאן. זי האט געזעהן אז ער איז א שעהנער מאן, אז ער געהט זיך ארום זעהר פיין, טאמער איז ער מיט עטליכע יאהר עלטער, איז עס קיין בייז ניט. דאס אלעס האט זי גאנץ גוט געוואוסט. נור עפעס א אי־נערליכע שטימע האט צו איהר גערופען: מוטער, פערהיט אייער טאכטער, זיא געהט אין א גרוב, זי וועט אריינפאלען, דערלאזט עס ניט!

זי האט כמעט מיט די אויערען גע־הערט ווי די שטימע האט גערעדט צו איתר, אבער וואס האט זי געקענט טהאן, אז די אייער ווילען דא זיין קלוגער פון די היתגער? וואס קען זי העלפען אז די טאכטער וויל זי ניט הערען.

די גאנצע נאכט איז זי אויף'ן געלע־גער געלעגען און געטראכט פלענער ווי אזוי זי זאל אליין קענען אויסגעפינען ווער און וואס דער יונגער מאן איז. פיע־לייכט איז ער גראדע א פיינער מענש און עס איז אומזיסט איהר שרעק. און אויב דאס וואס איהר הארץ זאגט איהר וועט זיך ארויסצייגען צו זיין אמת, וועט זי דאמאלס טרייען מיט איהם אליין צו רעדען, ער זאל איהר טאכטער צורוה לאזען.

עס איז שוין געווען ווייטער טאג, ווען פרוי וויינגארטען איז איינגעשלאפען, אבער אזוי שנעל ווי זי האט די אויגען צוגעמאכט איז צו איהר דער מלאך פון חלומות געקומען און האט איהר גע־ציינט מאדנע בילדער וואס האבען אויף איהר א גרויסען פחד געווארפען.

זי האט געזעהן ווי יעמאנד האט זי פאר די הענד אנגענומען און האט זיא געפיהרט איבער א וועג וואס איז פול מיט שטיינער און מיט זומפען, אזוי אז זי האט זיך שיער די פיס ניט אויסגע־בראכען געהענדיג. א טיעפע פינסטערניש האט געהערשט ארום מיילען און מיי־לען ווייט. דער הימעל איז געווען פער־שפרייט מיט דיקע פינסטערע וואלקענס, קיין איינציגער שטערען האט זיך ניט געזעהן.

שטונדען לאנג האט מען זי אזוי גע־פיהרט ביז זי האט מעהר קיין כח ניט געהאט איהרע פיס צו שלעפען און זי איז אנידערגעפאלען אין אונמאכט. ווי לאנג זי איז נעלעגען אין אונמאכט האט זי ניט געוואוסט, אבער ווען זי האט איהרע אויגען נעעפענט, האט זי נעזעהן, אז זי געפינט זיך אין א נעסט פון נעמ־בלערס ערגעץ אין אן אונטערוועלט, מע־נער און פרויען, בעזויפען, אז זיי ווייי־סען מעהר ניט וואס שאנדע איז און וואס מאראל מיינט, טאנצען און זינגען און שפרינגען ווי טייוואלים. זי האט נאך אויף איהר לעבען זא וואס ניט גע־זעהן און ניט געהערט און זי האט זיך גענומען רייסען צו דער טיר און אנט־לויפען פון דארט, האט מען זי ניט גע־לאזט.

— פון דאנען קען קיין פרוי נישט אוועקגעהן אזוי ריין ווי זי איז אהער גע־קומען! — האט איינער א שיכור'ער געשריען מיט א הייזעריגע שטימע, און האט זי פעסט געהאלטען ביי דער האנד ביז ער האט די טיר פערשלאסען פון אינ־ווענינ.

א פערציטערטע האט זי גענומען מעהר בעטראכטען וואו זי געפינט זיך דא און זי איז ערשטוינט געווארען צו זעהן אז דער באנדיט וואס האלט זי ביי די הענד איז דער יונגער מאן, דער ספארט, וואס איז געווען ביי איהר טאכטער — — —

— מיין גאט! — האט זי אויסגע־שריען, — בארא!...

און באלד האט זיך די סינערי פון חלום געענדערט.

זי האט געזעהן אז זי געפינט זיך ביי

זיך אין דערהיים. איהר טאכטער בעללא זיצט און שעפט נחת פון איהר געליעבטען באראן. זי זעהט אז איהר גאנץ לעבען, איהר גאנצע נשמה ליגט אין דעם מאן. זי הערט ווי בעללא רעדט צו איהם וועגען דער היילינקייט פון ליעבע אזוי אז אין יעדען ווארט ליעגט א שטיק פון איהר הארץ, פון איהר נשמה, און ער סמוקט זיך גלייכגילטיג זיין סיגאר און קוקט אויף'ן רויך. פלוצים האט זיך דערהערט א קלאפ אין דער טיר און באלד האט זיך אויף'ן שוועל בעוויזען א וואונדערשעהנע יונגע פרוי און איהר געוויין האט געקענט ריהרען אפילו א שטיין.

—שלעכטע מענשען וואס איהר זייט! וואס האט איהר געהאט צו מיר? — האט זי געיאמערט, — וואס האב איך אייך געטהאן, וואס איהר האט פון מיר אוועקגערויבט מיין מאן, וועלכען איך ליעב צום וואהנזין, טראץ דעם וואס איך ווייס גאנץ גוט אז ער איז דער גרעסטער אויסוואורף אין דער וועלט. וואס זאל איך טהאן? ער איז שוין מיין מאן 12 יאהר און איך פיהל, אז איך קען אהן איהם ניט לעבען. גיט מיר אב מיין מאן, וועט ניט נעהם איך דא פאר אייך אין די אויגען און קוילע זיך און אויף אייך וועט פאלען מיין בלוט...

און וועהרענד די פרוי האט געכאפט פון'ם טיש דעם מעסער און האט איהם ארייגעשטאכען זיך אין הארצען, האט די פרוי וויינגארטען ערוואכט פון שלאף מיט א געוואלד:

— גאט איז מיט אייך, ליעבע פרוי, וואס טהוט איהר! בעללא, וואס שווייגסטו? באראן, ראטעווע דיין פרוי!...

און פרוי וויינגארטען איז געוועזן אזוי צומישט, אז זי האט געמיינט, אז דאס אלעס האט ווירקליך פאסירט, עס האט גענומען איניגע מינוט ביז זי האט זיך בערענקט, אז דאס אלעס איז געווען בלויז א טרוים.

בעללא האט דערהערט דער מוטער'ס געשריי און איז א באקעטע ארייגעלאפען צו דער מוטער אין בעד־רום.

—וואס האט פאסירט, מוטער? — האט זי א צושראקענע געפרעגט.

— גארניט, גארניט, — האט די מוטער געשטאמעלט, — איך האב געזעהן א מיאוס'ען חלום...

— און איך האב גראדע די גאנצע נאכט געזעהן זיסע חלומות, — האט בעללא בעמערקט, און איז אוועק פון דער מאמע'ס שלאף צימער מיט א געלעכטער, מורמלענדיג צו זיך אליין:

— וואס ווייסען די עלטערע מענשען פון לעבען און פון ליעבע, פרעגט זיי בחרם!...

## אכטער קאפיטעל

## ליעבעס ערקלעהרונג צווישען עלטערע מענשען

עס איז פאראיבער א יאהר זייט מען האט די אונטערגעווארפענע בייבי געפונען ביי דער טיר פון די וויינגארטענס.

די בייבי האט געהאט א ליעבע, א גליקליכע היים ביי מר. איזראעל לעבמאן וועלכער האט געהאט א פיינע בעקוועמע איין־פאמיליע הויז, ניט ווייט פון פראספעקט פארק.

מר. לעבמאן האט קיין קינדער ניט געהאט און ער האט דאס געפונענע קינד ליעב בעקומען ווי עס וואלט זיין אן אייגען קינד.

א פראפעסיאנעלע נוירס האט דערצו אטענדעט און יעדען אנדערען טאג פלעגט די מאדאם וויינגארטען קומען און ציינען דעם קינד אזוי פיעל מוטערליכע צערטליכקייט, אז דעם קינד האט ווירקליך קיין זאך ניט געפעהלט, און ווען עס איז געווארען א יאהר אלט איז עס געווען א געזונדטע, א שעהנע און א גרויסע בייבי, האט שוין געקענט רעדען א חיבשע ביסעל ווערטער און האט שוין אנגעפאנגען אליין ארומצוגעהן איבער'ן צימער.

דער נאמען פון קינד איז געווען אברהם — ווען מר. לעבמאן האט געלאזט דאס קינד אידישען האט ער געהייסען מען זאל איהם א נאמען געבען אברהם, ווי יענער ערשטער אברהם האט

פערלאזט זיין ווילדען פאטער און איז איבערגעגאנגען אין א נייעם פיינערען לעבען.

אין פערלויף פון'ם יאהר איז מר. לעבמאן געווארען שטארק צוגעבונדען צו פרוי וויינגארטען. דאס זעלבע זיא צו איהם. זיי האבען איינפאך ניט געקענט לעבען איינס אהן דעם אנדערען; דאס קליינע אברהם'לע פלעגט איהם רופען "פא", און די מרס. וויינגארטען האט ער גערופען "מאמא" — ווען לעבמאן האט עס געהערט פלעגט ער אנקוועלען פון נחת.

איינמאל אין אן אבענד, ווען פרוי וויינגארטען האט געהאלטען דאס קינד אויף די הענד און האט זיך דערמיט געשפיעלט, און דאס קינד האט מיט א לוסטיגע שמייכעלע געשריען פאפא! מאמא! ווארפענדיג זיינע בליקען אויף ביידען, האט לעבמאן ליידענשאפטליך אנגענומען ליידי וויינגארטען'ס האנד און האט געזאגט:

— אז מיר זיינען שוין טאטע מאמע, ווארום זאלען מיר ניט זיין אויך מאן און פרוי?

זי האט אויף איהם א ליעבליכען בליק געווארפען און האט געענטפערט:

— אוודאי מיין טייערער, וואלט עס געווען א יושר, איך לייקען גארניט, אז איך ליעב אייך מיט מיין גאנצע נשמה, איך האב נאך אויף מיין לעבען אזוי ניט געליעבט א מאן, ווי איך ליעב אייך, אבער איך בין א פרוי פון א מאן, און זאגאר דיעזע ווערטער וואס איך האב אייך געזאגט, האב איך ניט געטארט זאגען.

— איהר ליעבט דאך אבער ניט אייער מאן? ער איז דאך אזוי שלעכט צו אייך? — האט לעבמאן פארטגעזעצט, און האט דער פרוי גלייך אין די אויגען געקוקט.

— ס'איז אמת, מר. לעבמאן, איך ליעב ניט מיין מאן, איך בין אבער זיין פרוי, און כל זמן איך בין זיין פרוי קען איך ניט זיין קיין אנדערען'ס פרוי. עס איז אמת אז ער איז צו מיר זעהר שלעכט, אבער ער איז צו מיר ניט פאלש, און כל זמן ער איז מיר ניט פאלש, האב איך קיין רעכט ניט צו זיין פאלש צו איהם.

— קען מען אזא לעבען ווי איהר לעבט אנרופען לעבען? — האט ער געפרעגט.

— געוויס ניט, — האט פרוי וויינגארטען געענטפערט לאנגזאם און נאכדענקענד, — געוויס קען מען אזא לעבען ניט אנרופען לעבען, אבער א פרוי פון א מאן, איבערהויפט א מאמע פון קינדער, קען זיך ניט העלפען. איך מוז אין מיר אליין דערשטיקען יעדען געפיהל פון ליעבע און לעבען, און זיך ארומדרעהען אויף דער וועלט א לעבעדיג־געשטארבענע.

— זיינט איהר רעליגיעזע געזאנען, פרוי וויינגארטען?

— ניין, איך בין גראדע פריי געזאנען, אבער איך גלויב, אז די פרוי האט געוויסע מאראלישע פליכטען דורכצופיהרען, און אזוי ווי זי איז די יעניגע וואס האט צו טהאן מיט דער ערציהונג פון צוקינפטיגע דורות, מוז זי ביי זיך פועל'ן צו ליידען און ניט צו זיין שעדליך פאר איהרע קינדער אלס מוסטער פון אונמאראלישע אויפפיהרונג — — —

— איך מוז אייך איבערשלאגען דיא רייד, מאדאם וויינגארטען, — האט ער געזאגט, — איך הער די זעלבע ווערטער פון יעדער פרוי. איך האב ערווארטעט פון אייך צו הערען עטוואס אייגענעס, אריגינעלעס, ניט דאס וואס אלע קייען איבער, זיך ניט צוהערענדיג אליין וואס זיי זאגען. איהר דערצעהלט מיר א געשיכטע פון מאראלישע פעראנטווארטליכקייטען און מאראלישע פליכטען פאר די צוקונפטיגע דורות — — האבען דען די מענער ניט די זעלבע פעראנטווארטליכקייטען און די זעלבע פליכטען ווי די פרויען? זיינען דען די קינדער מיט זייער ערציהונג אבהענגיג נור אין די מאמעס און אין די טאטעס גארניט? פאר וואס מוזען עפעס נור די מאמעס צייגען דעם סאמפעל פון ריינע מאראל צו די צוקונפטיגע דורות און די טאטעס ניט? וואו האבען עס די מענער גענומען די ערלויבנים אז זיי מעגען אלעס? אבער, מאדאם וויינגארטען, דער תירוץ איז, אז דאס לעבען איז שטארקער פון אי'ע

געשריעבענע און ניט געשריבענע מאראלישע געזעצע. די מענער ווילען לעבען און זיי לעבען ווי ווייט זיי קענען און די מעחרסטע פרויען ווילען ניט לעבען און זיי לעבען ניט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין, אהן א פאר וואס. די מאראל און די פליכטען זיינען בלויז א תירוץ, זיי זיינען פיעלייכט ניט מעהר מאראליש ווי די מענער, נור זיי האבען ניט אזוי די געלעגענהייט ווי די מענער, דאס אלעס.

— איהר מאכט א גרויסען מיסטייק, מר. לעבמאן, דער פרוי'ס אנשטענדיגקייט האט מעהר צו טהאן מיט איהר נשמה ווי מיט געלעגענהייט. איך נעהם א ביישפיעל פון זיך אליין, איך בין ניט בעסער און ניט ערגער פון אנדערע, און איך בין מיט־דער מיינונג אז נאכדעם ווי איך האב מיין מיסיאן אלס פרוי אפגעטהאן, און האב געבראכט א געוויסע צאהל קינדער אויף דער וועלט, האב איך מיין טייל פאר דער מענשהייט בעצאהלט און האב אומזיסט מיין ברויט ניט געגעסען אויף דער וועלט. יעצט אבער, ווען דער בוים קען שוין מעהר פון זיך קיין פרוכט ניט ארויסגעבען, איז מיין מיסיאן צוזאמען מיט מיין לעבען געענדיגט.

— איך פערשטעה אייך ניט, מרס. וויינגארטען, נאך אייערע רייד קומט אויס, אז אלעס וואס אייך איז געבליבען יעצט צו טהאן איז אוועקצוגעהן אליין אויף'ן בית עולם און זיך דארט א לעבעדיגע בעגראבען. וועהרענד איהר זיינט א פרוי וואס קענט נאך אליין זיין גליקליך און אויך גליקליך מאכען אן אנדער עלענדען און איינזאמען מענשען. מיין מיינונג איז, אז דער וואס קען לעבען און וויל ניט לעבען איז עס ריכטיג ווי ער בעגעהט זעלבסטמארד. איך זאג אז מען דארף נעהמען פון לעבען אלעס וואס מען קען דערפון ארויסציהען — —

— יא, נעהמען, אבער ניט גנב'ענען, — האט מרס. וויינגארטען בעמערקט מיט א זיפץ.

אין דעם מאמענט האט זיך די טיר געעפענט און א פרוי איז אריינגעקומען מיט א געשריי:

— ענדליך האב איך דיך געקעטשט! איך וועל אייך ביידע אין שטיקער צושניידען און דעם ממזר וועל איך אריינליינען אין אויווען און פערברענען!..

## ניינטער קאפיטעל
## די משוגענע

מיר האבען אין די ערשטע קאפיטלען פון דיעזען ראמאן ערקלעהרט, אז איזראעל לעבמאן האט גערן צוגענומען צו זיך דאס געפונענע קינד, ווייל ער האט קיין קינדער ניט געהאט, און ער האט געלעבט זעהר אן איינזאמען עלענדען לעבען.

ער האט געהאט אן איין־און־איינציגען זוהן איז ער געפאלען א קרבן אין דער גרויסער וועלט־מלחמה און האט געלאזט נאך א קרבן, וואס איז טויזענדמאל ערגער ווי געשטארבען.

בערנארד האט דער זוהן געהייסען.

ער איז געוועזען א יונגערמאן מיט אלע מעלות, שעהן, געזונד, קלוג און גוט ווי א מלאך.

ביי פראפעסיע איז ער געוועזען א אינזשעניער, ער איז אלט געוועזען דריי און צוואנציג יאהר, ווען ער איז אוועק אין דער מלחמה און שוין דאן איז זיין נאמען געוועזען בעקאנט אין גאנצען לאנד אלס איינער פון די פעהיגסטע אינזשענירען אין דער וועלט.

עס איז איבעריג צו זאגען, אז ער איז געוועזען ביי טאטע מאמע טייער ווי דאס שווארץ־אפפעל פון אויג. איבערהויפט די מוטער האט איינפאך אהן איהם ניט געקענט לעבען, ווייל ער האט זי זעהר רעספעקטירט, האט איהר אפגעגעבען אזא כבוד און געצייגט אזא ליעבשאפט, פיעל מעהר ווי זי וואלט זיין זיינע א געליעבטע. ער איז ניט געקומען קיינמאל אהיים ער זאל ניט ברענגען דער מאמע עפעס א פרעזענט.

ער האט די מאמע הארציג געקושט ווען ער איז אוועקגעגאנגען צו דער ארבייט און ווען ער איז געקומען פון דער ארבייט, ווי זי וואלט זיין ניט זיין מוטער, נור זיין בייבי.

בערנארד האט פערנומען א גרויסע

פּעראַנטוואָרטליכע רעגיערונגס שטעלע מיט א געהאַלט פון זעקס טויזענד דאָ־לאַר א יאָהר, און ער פלעגט אימער דאָס גאַנצע געלד אוועקגעבען דער מוטער, און וואָס ער האָט געדאַרפט אויף זיינע עקספּענסעס פלעגט ער בעטען ביי דער מוטער.

די ליעבשאַפט צווישען דער מוטער און דעם זוהן איז געווען אַהן א שיער און אַהן א גרענעץ, און ווען די גרויסע מלחמה האָט אויסגעבראָכען און מען האָט בערנאַרד׳ן אוועקגענומען אין קריעג — האָט די מוטער די שמערצען און דאָס בענקען ניט געקענט אריבער־טראָגען. ניין חדשים כסדר האָט זי ניט געגעסען און ניט געטרונקען, ניט גערוהט און ניט געשלאָפען, נור זי האָט געוויינט און געקלאָגט און ימים טרעהרען פאַר־גאָסען.

יעדע נאַכט האָט זי פערבראַכט אין בערנאַרד׳ס צימער, וואו ער פלעגט שלאָ־פען, ווען ער איז אין דערהיים געווען, און פון דעם צימער פלעגען זיך הערען אזעלכע קולות און אזעלכע יאָמער גע־שרייען, אז די ווענט האָבען מיט איהר מיטגעוויינט.

זי פלעגט זיך ארומדרעהען ארום בער־נאַרד׳ס בעט און מיט א ריהרענדער שטי־מע שרייען:

— ווער ווייסט וואָס מיין בערנאַרד טהוט יעצט! אזא טייער קינד! אזא ליעבע נשמה! ער מוז אוודאי יעצט ליי־גען אין די זומפּיגע טרענטשעס אונטער א האָגעל פון האַרמאַטען!

אין אזעלכע און עהנליכע יללות האָט די מרס. לעבמאַן פערבראַכט 9 חדשים כסדר, ביז זי האָט אַנגעפאַנגען איהר פערשטאַנד צו פערליערען.

וויפיעל מר. לעבמאַן האָט אוועקגע־לייגט קרעפטען זי צו בערוהיגען, האָט עס ניט געהאָלפען. מר. לעבמאַן, זייענדיג זעהר א גוטער און געטרייער מאַן, האָט ער נאָך מעהר שמערצען געהאַט פון זיין פרוי ווי פון׳ם זוהן, ווייל ער האָט גע־האָפט, אז סוף כל סוף וועט זיך דיא מלחמה ענדיגען און דער זוהן וועט צו־ריק אהיים קומען, וועהרענד די פרוי, זעהט ער, אז זי האָט שוין אַלע קרעפּ־טען פערלאָרען, זי איז געוואָרען שוואַך ווי א בייבי, קוים וואָס זי קען זיך אויף די פיס שלעפּען, פון פאַסטען און פון וויינען.

און ווען ער האָט אַנגעהויבען בעמער־קען אין איהר סמנים פון וואַהנזין, האָט ער גלייך געבראַכט די גרעסטע פּראָפעס־סאָרען צו איהר און געניוע אונטערזו־כונגען האָבען געצייגט, אז איהרע נער־ווען זיינען אין גאַנצען צערשטערייט און מען מוז זי וואָס שנעלער אוועקשיקען אין א סאַניטאַריום, זאָנסט וועט זי איהר פערשטאַנד פערליערען.

מר. לעבמאַן, וועלכער האָט זיין פרוי זעהר געליעבט, האָט קיין איבעריגע מי־נוט ניט געוואַרט, און איז אוועק מאַ־כען אַלע נויטיגע ארענדזשמענטס מיט א סאַניטאַריום, לאָזענדיג די פרוי אין די הענד פון א פּראָפעסיאָנעלע נוירס, און וועהרענד ער איז געווען אין סאַניטאַריום האָט מען דערוויילע אהיים געבראַכט א דעפּעשע פון וואַשינגטאָן, אז בערנאַרד לעבמאַן איז געפאַלען אין שלאַכט פאַר זיין לאַנד.

די נוירס האָט געוואָלט אליין צונעה־מען די דעפּעשע ביים מעסענדזשער באָי, דאָס חארץ האָט איהר געזאָגט, אז דער מעסענדזשער ברענגט א שלעכטע בשורה, אבער דערזעהענדיג דעם מעסענדזשער באָי איז די מוטער מיט דער שנעליג־קייט פון א בליץ ארונטער פון בעט און האָט גלייך ארויסגעכאַפּט די טעלעגראַ־מע פון זיינע הענד.

— א דעפּעשע פון מיין בערנאַרד, — האָט זי געשריען, און איהרע פערוויינטע אויגען האָבען אַנגעהויבען שיינען פון פרייד, — מיין קינד קומט אהיים! מיין קינד קומט אהיים! ער קומט זעהן די מאַמע!... ער קומט זעהן די מאַמע!...

און מיט ציטערענדע הענד האָט זיא אויפגעריסען די טעלעגראַמע און גענומען קוקען אויף די עטליכע ווערטער וואָס דאָרט זיינען געווען געשריבען.

און גרויסער גאָט! וואָס איז מיט דער אָרימער פרוי געוואָרען!...

וואָס פאַר אויגען — — וואָס פאַר א

בליקען זי האָט געוואָרפען — — וואָס פאַר א פּנים זי האָט בעקומען !

די נוירס איז צוגעלאָפען א פערציי־טערטע און האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר ביי־דע הענד.

— גאָט איז מיט אייך, ליעבע פרוי לעבמאַן, וואָס איז מיט אייך ? בערו־היגט אייך !

און די אונגליקליכע מאַמע האָט מיט אוננגעוועגליכע קראַפט זיך ארויסגעריי־סען פון דער נוירס און מיט דער טע־לעגראַמע זיך אָנגעהויבען שלאָגען אין קאָפּ און אין הארצען, שרייענדיג אויף א קול.

— שפּיזען, מעסערס, ניט קיין ווער־טער !

דאַן האָט זי גענומען רייסען דאָס בעט געוואַנד פון בערנאַרד'ס בעט און ברע־כען די בעט אין שטיקער.

— אז מיין טייער קינד איז ניטאָ, צו וואָס דאַרף מען די אַלע זאַכען ! גע־פאַלען פאַר זיין לאַנד ! כאַ־כאַ־כאַ ! וואָס שטעהסטו, נוירס ? וואָס שווייגס־טו ? פאַר וואָס לאַכסטו ניט ? געפאַ־לען פאַר אמעריקאַ — און וואו — אין פראַנקרייך — ווער איז משוגע ? העלף מיר ארויסוואַרפען די בעט אין דרויסען גיכער, גיכער — הערסט ווי האַרמאַטען פאַלען אויף בערנאַרד'ן — — — — —

און ווען מר. לעבמאַן איז געקומען פון סאַניטאַריום, וואו ער האָט געמאַכט אַלע ארענדזשמענטס אוועקצושיקען זיין נערוועזע פרוי אוים מורא זי זאָל ניט געריהרט ווערען פון זינען, האָט ער זי שוין געטראָפען אין אזא ווילדען צו־שטאַנד, אז ער האָט מורא נעהאַט ער זאָל אליין אויך ניט משוגע ווערען.

דער קראַך איז געקומען, די מוטער נערווען האָבען מעהר ניט געקענט ארי־בערטראָגען און דיא סטרונע האָט גע־פּלאַצט.

די שיטערע מאַטעריע אין די מאַרך קעסטעלאַך איז פערגליווערט געוואָרען און אַלעס וואָס אין א מענשען דענקט איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין א בלענק, אין א פוסטקייט, ווי דאָס הארץ מיט דער נשמה איז פון דאָרט אוועק און עס איז נור געבליעבען דאָס שטיקעל אירדישער קערפּער.

מר. לעבמאַן איז געווען א שטאַרקער, א געזונדטער און זעהר געלאַסענער מאַן. אָבער דיעזער אונגליק איז געווען פאַר איהם צו גרויס און צו שווער אריבער־צוטראָגען.

צוויי קרבנות מיט אמאָל !

דער בן יחיד, דאָס שוואַרצאַפּפּעל פון זיין אויג איז געפאַלען אין שלאַכט.

דיא פרוי, זיין לעבענסבעגלייטערין, וועלכע ער האָט געליעבט ווי א חתן ליעבט א כלה אַלע פערציג יאָהר זייט ער איז מיט איהר פערהייראַט — זי איז געריהרט געוואָרען פון זינען — — — —

דיעזע ביידע קלעפּ מיט אמאָל זיינען פאַר איהם געווען צו שווער אריבערצו־טראָגען.

אריינקומענדיג אין הויז און דער־זעהענדיג דעם פּאָגראָם וואָס זי האָט גע־מאַכט, דאָס צוריסענע בעט־געוואַנד, די צובראָכענע בעט, איז ער געוואָרען בלאַס ווי די וואַנד און ער האָט אָנגעפאַנגען ביטער צו וויינען.

עס האָט אויסגעזעהן אז א גאַנצער ים מיט טרעהרען האָבען זיך פון זיינע אויגען געלאָזט.

און וועהרענד ער האָט ביטער זיינע גרויסע פערלוסטען בעקלאָגט, איז דיא אונגליקליכע פרוי נעבען איהם געשטאַ־נען און האָט געלאַכט מיט אזא שוידער־ליכען געלעכטער, אז ס'איז געווען א מורא צו הערען.

— פאַר וואָס לאַכסטו ניט, איזראעל, פאַר זיין לאַנד ! פאַר זיין לאַנד ! דיא גאַנצע וועלט וועט ווערען יעצט אזוי גוט, אזוי פיין, אזוי פרום, אזוי עהרליך — וואָס וויינסטו ? פאַר וואָס לאַכסטו ניט — כאַ־כאַ־כאַ ! ! !...

מר. לעבמאַן האָט נאָכהער זיין גאַנ־צען לעבען ניט געקענט פערגעסען דיא שטונדע אין וועלכער מען האָט זיין ליע־בע פרוי געפיהרט א נעבונדענע צו דעם סאַניטאַריום אין לאַנג איילאַנד.

ער האָט אַלע זיינע קרעפטען אָנגע־ווענדעט ער זאָל ניט צוזאַמענברעכען, אַם וועניגסטען ביז ער וועט בעוואָרענען

אז זיין פרוי זאָל קריגען ריכטינע מעדיצינישע אויפפאסונג, פיליכט וועט זי נאָך ווידער קענען ערשיינען אלס די קעניגין פון זיין היים.

מר. לעבמאַן האָט געלעבט מיט זיין פרוי ניט בלויז ווי געטרייע מאַן און ווייב נור ווי צוויי געליעבטע. ער האָט זיין פרוי קיינמאָל ניט געלאָזט שווער אַרבייטען.

וואו נור ער האָט געהאט צו געהן אָדער צו פאָהרען וועגען פלעזשור איז ער אָהן איהר ניט געגאנגען און ניט געפאָהרען.

דרייסיג יאָהר נאָך דער חתונה האָט ער מיט איהר זיך ארומגעפיהרט ווי א חתן מיט א כלה. ער האָט זי גענומען אין די טייערסטע חאָטעלען פיר סאפערס, ער איז מיט איהר געגאנגען אין די רייכסטע טהעאטערע, האָט איהר געקויפט דיא פיינסטע באקסעס קענדי, און וואו נור ער האָט געוואוסט אז עס איז דאָ א פיינע זאך צו זעהן אָדער צו הערען, האָט ער ניט געקוקט אויף קיין פרייז און האָט זיין ווייב אהין גענומען.

אויף אזא ארט און ווייזע זיינען זיי ביידע צוזאמענגעוואקסען געוואָרען זויא צוויי קערפערס מיט איין נשמה, און מען קען זיך דאריבער פאָרשטעלען ווי עלענד און איינזאם דיעזער מאַן האָט געפיהלט ווען זיין צווייטע האלבע נשמה איז פון איהם אזוי אונערבארמליך אוועקגעריםען געוואָרען!

צוויי יאָהר האָט ער זי געהאַלטען אין סאניטאריום און האָט פאר איהר געצאָהלט צו 250 דאָלאר א מאָנאט. יעדען טאָג פלעגט ער צו איהר פאָהרען און איהר ברענגען פערשיעדענע פרוכט און קענדים צום דערקוויקען, ליידער האָט זיך קיין בעסערונג געציינט, אין געגענטייל, זי איז וואָס ווייטער אלץ ערגער געוואָרען. זי האָט ניט געוואָלט נעהמען קיין שפייז אין מויל און איז געוואָרען אזוי מאָגער, אז ס'איז געוועזן א שרעק אויף איהר צו קוקען.

א געטרייע אונטערזוכונג האָט געציינט, אז זי גלייכט ניט די ניט אידישע עסענס וואָס מען סערווירט אין סאניטאריום און ער האָט בעשלאָסען זי בעסער צו נעהמען אהיים, וואו ער וועט אליין קענען אכטונג געבען, אז מען זאָל אויף איהר געבען די ריכטינע אויפפאסונג וואָס אזא קראנקע פרוי מוז האָבען.

פיעלע פון זיינע פריינד האָבען איהם געוואָרענט ער זאָל עס ניט טהאָן. א פרוי, וועלכע איז נעריהרט פון זינען, איז ניט פעראנטוואָרטליך פאר איהרע טהאטען — זי ווייסט ניט וואָס זי טהוט, ווייסט ניט וואָס זי רעדט, און איהר וועט נור האָבען צרות, האָבען זיי איהם געזאָגט, וועהרענד איהר וועט עס קיין שום טובה ניט טהאָן.

— איך קען אָבער ניט לאָזען מיין פרוי דאָרט אויסגעהן פון הונגער, — האָט ער געזאָגט, — ביי מיר קומט עס אויס ריכטיג ווי איך וואָלט אליין קיין הארץ ניט האָבען מיין קראנקע פרוי צו דער'הרג'ענען, און איך בעצאָהל צו אנדערע אז זיי זאָלען עס טהאָן פאר מיר. איך גלויב ניט איז אזא טריישאפט.

און מר. לעבמאַן האָט גענומען דיא פרוי אהיים, האָט געהאלטען צו איהר א גוטע נוירס און א גוטע קעכין וואָס האָט אטענדעט נור צו דער פרוי.

וואָס אנבעלאנגט קערפערליך האָט זיך די אונגליקליכע פרוי ווירקליך זעהר פיעל געבעסערט, אָבער איהר גייסט איז געבליבען צובראָכען און צושמעטערט. דער שווערער פערלוסט פון איהר איינציג קינד און די פאלשע תירוצים וואָס דיא וועלט האָט דערצו אָנגעגעבען, האָבען פון דער גוטער נאָבעלער נשמה געמאכט א ווילדע חיה. אָבער מר. לעבמאַן האָט אלעס געדולדיג פון איהר אריבערגעטראָגען אין נאָמען פון דער ליעבע וואָס ער האָט צו איהר געפיהלט די אלע יאָהרען אין וועלכע זי איז געווען אין א נאָרמאַלען צושטאנד.

און דאָס איז געווען די פרוי, וועלכע איז אריינגעקומען אין צימער וואו פרוי ווייגגארטען האָט געהאלטען דאָס געפונענע קינד אויף די הענד און האָט גערעדט מיט מר. לעבמאַן וועגען ליעבע און לעבען.

זי האָט נור געזאָגט, אז זי וועט זיי

אלע מיט מעסערס צושניידען, און אז דאס קינד וועט זי אין אויוועז פערברע־נען. זי האט עס ניט געמיינט. זי האט ניט געמיינט קיין זאך וואס זי האט גע־זאגט. זי האט ניט געוואוסט וואס זי זאגט, און ווען מר. לעבמאן האט זיך צו איהר געווענדעט מיט די ווערטער:

— פליעז, געה אריין צו דיר אין ציי־מער, און שטער אונז ניט, מיר רעדען דא פון א זעהר וויכטיגע זאך, איז זי אוועק ווי א געהארכזאמע בייבי, און האט זיי וויעדער געלאזט אליין.

צעהנטער קאפיטעל

## מר. לעבמאן׳ס עלענדער לעבען

מר. לעבמאן איז פון נאטור געווען א מאן פול מיט לוסט און לעבען. ער איז געווען די גוטסקייט אליין. ער האט ניט געוואוסט פון זאגען ניין, ווען יעמאנד האט פון איהם עפעס פערלאנגט. עס האט געמענט זיין איבער זיינע כחות האט ער יענעם ניט געקענט ענטזאגען.

זיין הארץ איז געווען ברייט און פול ווי דער ים מיט ליעבע און גוטען ווילען צו דער מענשהייט.

זיין שרייב־צימער איז אימער געווען פול מיט מענער און פרויען וואס פלעגען צו איהם קומען פרעגען עצות אין פער־שיעדענע טראבעלס פון לעבען.

פאר יעדען איינעם האט ער געהאט א גוט ווארט און א גוטע עצה — נור פאר זיך ניט.

וואוהין ער איז אריינגעקומען האט ער מיט זיך געבראכט א ים מיט פרייד און געלעכטער, און ווען ער איז געזעסען ביי זיך אין הויז איינער אליין פלעגט ער ימים טרעהרען פערגיסען.

זיין שרעקליכע איינזאמקייט האט זיין נשמה אין שטיקער געריסען.

וואס פאר א בייזער קאפריז פון שיק־זאל!

שטעלט זיך פאר, אז אזא מאן וויא לעבמאן, אזא ברייטע הארץ פול מיט ליעבע און לעבען! א מאן ביי וועמען די ח״ם איז אימער געווען דער אידעאל פון געזעלשאפט, פון ליכט, פון פרייד — און מיט אמאל ווערט ער אריינגע־וואָרפען אין א פינסטערען גרוב, וואו עס געפינט זיך בלויז נאך איין לעבעדי־געס וועזען וואס זעהט בלויז אויס ווי א מענש — א בעשעפעניש וואס רעדט און ווייסט ניט וואס, א בעשעפעניש וואס האט אלעס מענשליכעס פערלוירען און נור די חיה־ווילדקייט איז אין דעם גע־בליבען — — — ווי קען דאן אזא מאן ווי לעבמאן לעבען אזא מין איינזאמען טרויעריגען און פוסטען לעבען?

עס איז אוועק א יאהר נאך א יאהר, די מרס. לעבמאן האט אלץ ניט געפיהלט בעסער, און אנדערער אויף מר. לעבמאן׳ס פלאץ וואלט פיעלייכט אוועקגעשיקט די פרוי אין אן אנשטאלט אום זיין שיק־זאל צו פערלייכטערען, אבער ער האט עס ניט געקענט, זיין כאראקטער האט איהם ניט ערלויבט צו נעהמען און אוועקשי־קען אויף הפקר א פרוי, מיט וועלכער ער האט אזוי פיעל יאהרען אפגעלעבט צו־זאמען.

ער האט אריבערגעטראגען מיט אמת׳ן העלדענמוטה אלע מאטערניסען און אלע יסורים, שמערצען און בזיונות וואס זי האט איהם פערשאפט און האט געליטען און געשוויגען, פאר קיינעם זיך ניט בע־קלאגט. און ווער עס האט איהם אין גע־זעלשאפט געזעהן, האט געדענקט, אז ער זעהט פאר זיך דעם גליקליכסטען מענ־שען אין דער וועלט.

אכט יאהר כסדר איז ער געזעסען איינגעשפארט אין א שטייג מיט זיין אונגליקליכער וואהנזיניגער פרוי, און האט געוויינט אויף איהר קוקענדיג, און פיהלענדיג אליין דעם ביטערען טעם פון אן איינזאמען עלענדען לעבען, האט ער אויף זיך גענומען די גרויסע מיסיאן צו זיין א וועקער פון לעבען, וואו ער איז געשטאנען און וואוהיען ער איז געגאנ־גען האט ער געפרעדיגט לעבען און לא־כען.

צו דער זעלבער צייט האט ער געהאל־טען אין איין זוכען א פריינד, א ריכ־טיגען פריינד, פאר וועמען ער זאל פון צייט צו צייט קענען אויסגיסען זיין בי־טערע, צוואוועהטאגטע הארץ. און אזא פריינד האט ער נור געזוכט צווישען די

פרויען. ער האט געוואוסט, אז די מעהרסטע מענער זיינען שרעקליך אייגעננוציג, מען קען אין זיי ניט געפינען דעם ריכטיגען, אמת'ען און טרייען פריינד, וואס אן עלענדע נשמה דארף און זוכט. ווערענד א פרוי איז אמת און אפענהערציג, אין איהר קענט איהר גלייך זעהן אויב זי איז אייך א פריינד אדער ניט, און ווען זי איז אייך א פריינד איז זי עס מיט ליב און נשמה, דאריבער האט ער זיין טרייסט געזוכט אין א פרוי.

ער האט ניט געזוכט אין דער פרוי די ליידענשאפט וואס א יונגער מאן זוכט מיט פרויען בעקאנטשאפט. ער האט גיכער געזוכט די מוטערליכע פריינדשאפט וואס געפינט זיך אין דער פרוי, ער האט געפיהלט, אז ער מוז האבען אן אמת'ען פריינד, ווען ניט האט דאס לעבען קיין רייץ פאר איהם און ער האט דיעזען פריינד געזוכט מיט ליכט.

ווען ער האט זיך בעגעגענט מיט דער פרוי וויינגארטען און האט מיט איהר גערעדט און פערבראכט דעם ערשטען אבענד אין קאני איילאנד, האט ער גלייך געזעהן, אז אין איהר האט ער זיין ריכטיגען פריינד, זיין אמת'ען חבר געפונען. זייערע ביידענס נשמות האבען געזוכט א פריינד, און זיי האבען זיך געפונען ביים ברעג פון ים.

ער האט גלייך געזעהן, אז איהר פעהלט ליעבע. זיא לעבט מיט א מאן, וואס איז פאר איהר מאטערניש און אפקומעניש, ווייל זי גלייכט איהם ניט, זי האסט די בעריהרונג זיינע, און דאס לעבען איז איהר בלויז א לאסט, ווי יעדעס לעבען אהן א ריכטיגען הארץ־פריינד. מיט איהם זיינען די אומשטענדען געווען עטוואס אנדערש, אבער דער סך הכל איז געוועזן דער זעלבער. א לעבען אהן א פריינד, א לעבען מיט א פרוי צו וועלכער ער קען זיך ניט צוריהרען און מיט וועלכער ער קען א ווארט ניט רעדען...

ביידע זיינען געווען מענשען מיט מאראלישע פעראנטווארטליכקייט אויף זייער געוויסען. מר. לעבמאן, אזוי גוט ווי פרוי וויינגארטען, האבען נישט געוואלט בעגעהן אזעלכע טהאטען, וואס ביי דער וועלט איז אנגענומען אלס ניט אנשטענדיג, אדער וואס איז געגען דיא הויפט פרינציפען פון רעליגיאן.

דאך האט ער זיך געפיהלט בארעכטיגט צו זוכען פרוי וויינגארטען'ס פריינדשאפט איבער צוויי אורזאכען. ערשטענס איז זיין פרוי וואהנזיניג, און לויט געזעץ קען א מאן הייראטהען א צווייטע, נאכדעם ווי זיין פרוי איז פינף יאהר נאכאנאנד ניט ביים זינען, און אזוי ווי זיין פרוי איז שוין איבער אכט יאהר אין דעם זעלבען צושטאנד, און דאקטוירים האבען ערקלעהרט איהר קיים האפנונגסלאז, האט ער דאריבער באלשטענדיג רעכט לויט געזעץ צו ליעבען אן אנדער פרוי. אזוי האט ער גערעכנט.

די צווייטע אורזאכע איז געווען דאס, וואס ער האט געוואוסט, אז אפילו לויט די אידישע טראדיציאנען קען אזא מאן ארויסקריגען אן היתר פון הונדערט רבנים און דאן מעגען הייראטהען פראנק און פריי.

פרוי וויינגארטען וויעדער האט געטרייעט רעכטפערטיגען איהר ליעבע צו מר. לעבמאן אויף'ן גרונד, וואס זי האט נאך אויף איהר לעבען קיינעם ניט געליעבט מיט אזא נשמה פייער וויא זיא ליעבט מר. לעבמאן. און וואס קען זיא זיך העלפען, אז טאג און נאכט שטעהט ער איהר פאר די אויגען, און ער איז געווארען די גאנצע האפנונג און די גאנצע טרייסט פון איהר לעבען. ווען זיא רעדט מיט איהם פיהלט זי ווי א גוטער באלזאם צוגיסט זיך איבער איהרע אלע גליעדער און בעלעבט איהר גאנצע זעעלע. וואס אנבעלאנגט צו דעם וואס זי איז א פרוי פון א מאן און א מוטער פון קינדער, וועט זי איהר הייליגקייט ניט פערשוועכען דורך ליידענשאפטליכע נייגונגען כל זמן זי וועט זיין איהר מאן'ס פרוי. זי וועט זיין צו מר. לעבמאן א פריינד, א חבר, א שוועסטער אדער א מוטער, אלעס וואס מען קען זיין צו א געליעבטען איידער מען האט חתונה.

און אזוי איז טאקע געווען, מר. לעבמאן און פרוי וויינגארטען האבען גע־

לעבט צווישען זיך ווי געליעבטע פאר דער חתונה. און ווען עס איז ביי זיי פאַרגעקומען א געשפּרעך וועגען זייער צוקונפט, האָט זי געזאָגט:

— קיין אונטערשיעד ווי מיין לעבען איז מיר פערשטערט ביי מיין מאַן, מוז איך אימער אין זינען האָבען, אַז איך האָב מיט איהם קינדער, און נור דאַן, וועל איך האָבען רעכט מיט איהם זיך צו שיידען, ווען איך וועל אויסגעפינען אַז ער איז צו מיר פאַלש, זאָנסט וועל איך שוין אזוי מוזען אָפּלעבען אַלע מיינע יאָהרען. יעדענפאַלס, איז מיר יעצט ניט אזוי שלעכט, ווי עס איז מיר געווען איידער איך האָב זיך מיט אייך בעקאַנט. יעצט איז מיין לעבען ניט אזוי פּוסט, ניט אזוי איינזאַם, צו האָבען אַזאַ פריינד ווי איהר איז אַן און פאר זיך געגוג צו מאַכען דאָס לעבען ווערטה צו לעבען.

און אזוי איז זייער ליעבע און זייער הערצליכע פריינדשאַפט געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. זיי זיינען צוזאַמען געגאַנגען אין טעאַטער, צוזאַמען אטענדעט מיטינגס, צוזאַמען פערבראַכט שטונדען לאַנג ביים שרייב־טיש, און וועהרענד די וועלט האָט געמיינט, אַז צווישען זיי מוז עקזיסטירען עטוואָס מעהר וויא בלויז פריינדשאַפט, זיינען זיי אין דער ווירקליכקייט געווען ריין פון אירגענד וועלכע אונאַנשטענדיגע אויפפיהרונג. און זיי האָבען זיך דאריבער ניט געקימערט וואָס די וועלט זאָגט, אָדער וואָס דיא וועלט וועט זאָגען, אַז מען עסט ניט קנאָבעל וועט פון מויל ניט שמעקען, האָבען זיי געקלעהרט, און האָבען זייער פריינדשאַפט אָנגעהאַלטען. זי האָט זיך אינטערעסירט אין זיינע ביזנעס און ער האָט א אינטערעסע גענומען אין איהרע אנגעלעגענהייטען, ווי זיי וואָלטען זיין ברודער און שוועסטער, אָדער אַם וועהניגסטען מיטגליעדער פון איין משפּחה.

איינמאָל האָט ער מיט איהר פערפיהרט א געשפּרעך וועגען איהר טאָכטער בעללא און איהרע חתנים און פרוי וויינגאַרטען האָט איהם געענטפערט:

— מיט מיין בעללא'ן איז א לאַנגע געשיכטע און זעהר א טרויעריגע: אויב איהר האָט צייט און געדולד, פריינד לעבמאַן, וועל איך אייך אַלעס דערצעהלען.

— פאַר אייך האָב איך אימער צייט, — האָט לעבמאַן געענטפערט.

און זי האָט אָנגעפאַנגען:

צוועלפטער קאַפּיטעל

## בעללא און איהר פערשוואונדענער חתן

איך האָב אייך שוין דערצעהלט אמאָל דענק איך פון א געוויסען שעהנעם יונגען מאַן, וואָס מיין בעללא האָט איינמאָל געבראַכט צו אונז אין הויז און איך האָב נאָך דעם זעלבען אבענד איהר געזאָגט, אז דער יונגער מאַן געפעהלט מיר ניט?

— וואָרום ?

— איך ווייס אליין ניט וואָרום ער איז מיר גלייך ניט געפעהלען געוואָרען, — האָט פרוי וויינגאַרטען געענטפערט מיט א זיפץ, — אָבער דער סוף ווייזט אז א מאַמע'ס האַרץ איז א נביא. הלוואי וואָלט איך בעסער ניט געווען געטראָפען, נאַטירליך האָט מיין טאָכטער געוואָלט זיין קלוגער ווי די מאַמע און זי האָט ביי קיינעם ניט געפרעגט, האָט זיך מיט קיינעם ניט בעראַטהען און איז צו איהם צוגעקלעפּט געוואָרען מיט איהר גאַנצער נשמה.

דער ספּאָרט אין איהם איז איהר געפעהלען געוואָרען. זי פלעגט אַלץ לעזען קלאַסישע ביכער, הערען פילאָזאָפישע לעקטשורס, און דאָס ווייזט אויס האָט זיך איהר שוין געהאַט צונעגעסען — אנשטאַט פּאָעזיע און פילאָזאָפישע פראַגען, האָט איהר נשמה אָנגעפאַנגען פאָדערען מעהר פּראָזע און מעהר לעבען.

דער יונגערמאַן אַלס ספּאָרט איז פאַר איהר געווען א נאַוועלטי, א נייעס פון וועלכען זי האָט ניט געוואוסט ביז זי האָט זיך מיט איהם בעקאַנט. זי האָט ניט געוואוסט, אַז עס זיינען דאָ פערד רייסעס אין וועלכע טויזענדע און טויזענדע מענשען זיינען פעראינטערעסירט. זי האָט ניט געוואוסט, אַז עס זיינען דאָ מענשען וואָס האָבען קיין אנדער־

אינטערעסע ניט אין לעבען ווי פערדלעך און פייטערס.

איהר יונגער מאן איז אין די אלע געמבלעריי געווען א גאון. ער האט גע־וואוסט דעם יחוס פון יעדען פערדעל, וויפיעל מאל עס איז שוין געלאפען, ווער דער דזשאקי איז געווען, און וויפיעל מאל עס האט דעם רייס געוואונען.

דאס זעלבע האט ער אויך געוואוסט די נעמען און דעם יחוס פון יעדען פיי־טער, און אז ער האט גערעדט פון פערד־לעך אדער פון פייטערס פלעגט ער זיין אזוי בעגייסטערט ווי א רב פון א גוטען פלפול.

דאס איז ביי מיין בעללא'ן געווען א נייעס, זי האט עפעס אין דעם געזעהן לעבען, און איהר האט זיך אויסגעוויזען, אז דערמיט וואס ער וויסט אזעלכע זא־כען אין וועלכע זי האט ניט דעם מינ־דעסטען בעגריעף, איז ער א גרויסער מענש, און וואס ווייטער א טאג אלץ מעהר האט זי איהם געליעבט און אלץ מעהר איז זי צו איהם צוגעקניפט און צוגעבונדען געווארען.

לאנגזאם, אבער דייטליך, האט ער זי אויך אנגעפאנגען נעהמען צו פאיטס און צו רייסעס, די ענדע איז געווען אז זי האט זיך פון איהם געלאזט אויסלער־נען די גאנצע תורה פון געמבלעריי, און האט איהר ערקלעהרט, אז אזוי שנעל ווי זיי וועלען געווינען אין די פערדלעך הונ־דערט טויזענד דאלאר וועט ער מיט איהר התונה האבען. און אז ער וועט געווינען, איז געווען מעהר ווי זיכער, און ער האט אזוי לאנג געשפיעלט אויף זיכער און אלץ מיט איהר געלד וואס זי האט אפ־געשפארט פון שווערע ארבייט, ביז זי איז אחן א פעני געבליבען, און דאן איז ער מיט אמאל פערשוואונדען געווארען ווי אין וואסער אריין.

א שטיק צייט האט זי גערענקט, אז ער האט בעגאנגען זעלבסטמארד אויס עגמת נפש וואס ער האט איהר געלד פערשפיעלט, און זי איז ארומגעגאנגען פערפינסטערט און פער'חושך'ט און האט בעווינט און בעקלאגט איהר גרויסען פערלוסט, משטיינס געזאגט. ווען איהר

זעהט זי יעצט וואלט איהר זי אסור דערקענט, אזוי שלעכט קוקט זי אויס, איך האב איינפאך מורא זי זאל איהר פערשטאנד ניט פערלירען — —

— און וואס איז מיט איהם? מען הערט אלץ פון איהם גארניט?

— ליידער הערט מען שוין צופיעל פון איהם, — האט פרוי וויינגארטען גע־ענטפערט מיט א זיפץ, — עס איז פאר־איבער א יאהר האט זי פון איהם פלו־צים ערהאלטען א בריעף פון קארלסבאד, אז ער איז פון עגמת נפש פאר איהר געלד געבראכען געווארען קערפערליך און גייסטיג, און ער האט געמוזט אוועק־פאהרען נאך קארלסבאד זיך קורירען, נאטירליך האט ער זיך געשעהמט דאס איהר צו זאגען, אבער אויב זי פיהלט נאך עטוואס ליעבע צו איהם, זאל זי איהם שיקען אם וועהניגסטען צעהן דאלאר א וואך ביז ער וועט זיך אויסקורירען, דאן וועט ער קומען אהיים און זיי וועלען הייראטען. ער האט איהר דאביי געשרי־בען מיט גרעסערע אונטערגעשריכענע בוכשטאבען, אז קומענדיג אהיים וועט ער טרייען מיט אלע זיינע קרעפטע זי צו מאכען אזוי גליקליך מיט זיין היי־ראטה, אז די וועט זיין די גליקליכסטע פרוי אין אמעריקא.

"די גליקליכסטע מינוטען פון מיין לעבען", האט ער איהר געשריבען, "וועט לען זיין די מינוטען ווען איך וועל מיט דיר, מיין ליעבסטע בעללא, צו דער חופה געהן" — — —

— און זי האט איהם נאטירליך גע־גלויבט, — האט איהר לעבמאן אונטער־בראכען.

— נאך א מין גלויבען! זי האט זיך ארומגעטראגען מיט'ן בריעף ווי מיט אן אבן טוב, זי האט געטאנצט פון פרייד, און קראנקערהייד איז זי נעבעך געגאנ־גען ארבייטען מיט איהר בלוטיגען שוויים און האט איהם געשיקט די צעה־נערלאך יעדע וואך. קיין איינציגע וואך האט זי ניט דורכגעלאזען, זי האט דאס גאנצע יאהר קיין וואקיישאן ניט גענומען רק זי האט געארבייט און האט עס גע־

טהאָן אבי דעם וואונש פון איהר געליעב־טען צו קענען ערפילען.

— און ווי לאנג האָט דיעזע געלד־שיקעניש אָנגעהאלטען? — האָט מר. לעבמאן געפרעגט נייגעריג.

— א יאָהר נאָכאנאנד, — האָט פרוי וויינגארטען געענטפערט.

— און דאן?

— דאן זיינען איהר דריי צעהנערלאך צוריקגעקומען מיט אן אויפשריפט פון פּאָסט, אז אדאָלף בּאראָן איז מעהר ני־טאָ אין דעם האָטעל, ער האָט אָפּגע־רייזט צוריק נאָך אמעריקא.

—נו?.....

— מעהר האָט זי פון איהם ניט גע־הערט. זי איז שיער ניט משוגע געוואָ־רען פון יסורים און פון עגמת נפש. זי האָט געגלויבט אז ער איז וואהרשיינ־ליך געשטאָרבען אין קארלסבאד און דער פּאָסט אָפּיס מאכט א מיסטייק מיט׳ן אויפשריפט, א מאן וועט דאָך ניט שריי־בען אז די גליקליכסטע מינוטען פון זיין לעבען וועלען זיין ווען ער וועט זיא צו דער חופּה פיהרען, און דאן אין גאנצען אין איהר פערגעסען, און איהר ניט שריי־בען א וואָרט וועגען זיין אָפּפאָהרען צו־ריק אהיים — דאָס קען דאָך ניט זיין!

— און מיט וואָס האָט זיך דיעזע טרויעריגע געשיכטע געענדיגט? — האָט מר. לעבמאן געפרעגט מיטפיהלענד.

— דאן האָט זי געסטאָפּט ארבייטען, — האָט פרוי וויינגאַרטען פאָרטגעזעצט טרויעריג, — זי האָט איינפאך מעהר ניט געקענט ארבייטען אזוי שוואך איז זי געוואָרען פון ערגערנים און פון וויינען טאָג און נאכט.

— קיינער וועט מיר ניט קענען איינ־ריידען אז ער לעבט, — האָט זי געיאָ־מערט און געקלאָגט מאָנאטען און מאָ־נאטען לאנג, — און ווער וויים וואו זיי־נע ביינער רוהען נעבאך דאָרט ערגעץ אין אזא ווייטען לאנד? ער האָט נע־באך אפילו ניט געהאט ווער עס זאָל אויף זיין יונגען קבר א הארציגע טרעהר פערגיסען.

פרוי וויינגארטען האָט געסטאָפּט א פּאָר סעקונדען און האָט זיך אויסגע־ווישט די טרעהרען וואָס האָבען זיך אין איהרע אויגען באוויזען, דאן האָט זיא פאָרטגעזעצט:

— איך זאָג אייך דעם אמת, פריינד לעבמאן, מאנכע מענער זיינען איינפאך א שווארצער פלעק אויף דער מענשען־משפחה! ווילדער וויא דיא ווילדעסטע חיות! שטעלט זיך פאָר מיין קינד׳ס גרויזאמען שיקזאל, אז ווען זי איז לעצ־טען שבת אבענד צום ערשטען מאָל זייט די לעצטע זעקס חדשים פון הויז ארויס, און איז געגאנגען מיט א פריינדין אין קעפּיטאָל טעאטער אום זיך עטוואָס די געדאנקען צו צערשטרייען, האָט זי דאָרט אין לאָבבי פלוצים דערזעהן איהר תכשיט! ער איז געגאנגען מיט א יונגע פרוי אין די זעלבע יאָהרען ווי ער. זי האָט איהם געפיהרט געארעמט. מיט דער געלאַסענהייט פון א קאלטען מערדער וואָס שטעכט אריין א מענשען א שאר־פען שפּיעז אין הארצען און שמייכעלט נאָך דערביי, איז ער צוגעגאנגען מיט זיין בעגלייטערין צו מיין קינד און האָט צו איהר פאָרגעשטעלט זיין פרוי:

— דאָס איז מיין פרוי, מרס. בּאראָן

— און דיעזע פריילין איז מיס בעללא וויינגארטען, — האָט ער געזאָגט, — מיינע אן אמאָליגע בעקאנטע.

וועהרענד די מרס. בּאראָן האָט אויס־געשטרעקט די האנד מיין בעללא׳ן צו בעגריסען, איז זי א פערציטערטע גע־וואָרען דערזעהענדיג ווי בלאַס זי איז געוואָרען.

— וואָס איז אייך, מיס וויינגארטען, ווי שרעקליך איהר קוקט אויס?

— ס׳איז גאָרניט, — האָט זיא גע־שטאמעלט — איך פיהל עפּעס ניט גוט...

און באלד איז זי אין אונמאכט גע־פאלען.

עס איז געוואָרען א מהומה, א טו־מעל אין דער לאבבי, מען האָט מיין אָרי־מעס קינד ווי עס איז אָפּגעמינטערט, און איהר פריינדין האָט גענומען א טעק־סי און האָט זי געבראכט אהיים.

זי ליגט זייט דאן א קראנקע אין בעט, דער דאָקטאָר זאָגט, אז מען מוז מיט

איהר יעצט זיין זעהר פּאַרזיכטיג. איהר האַרץ איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט. איהרע נערווען זיינען צושאָטערט ווי פון א גע־פעהרליכען איבערשרעק — מעגליך אַז עס וועט זיך ענטוויקלען א טיפוס — וואָלט איהר עס גלויבען, פריינד לעבמאַן, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע שלעכטע און אַזעלכע פאַלשע מענער אויף דער וועלט?

— איז ער מיט דער פרוי מיטגעפאָה־רען צו אייך אהיים? — האָט לעבמאַן געפרעגט.

— ניין. — האָט די מוטער געענט־פערט. — ווי בעלאַ'ס פריינדין האָט מיר דערצעהלט, האָט די פרוי געוואָלט מיטפאָהרען, זי האָט זאָגאַר איהם געהיי־סען צורופען א טעקסי, אָבער ער האָט גאַנץ גלייכגילטיג געענטפערט זיין פרוי:

— קום בעסער אהיים, איך האָב זיך פיינד צו מישען אין פרעמדע טראָבעלס.

און זיי זיינען אוועק וועהרענד מיין קינד איז נאָך געלעגען אין טיפען אונ־מאַכט.

— ווען איך בין איהר, וואָלט איך גע־טרייעט אויסצוגעפינען זיין אדרעס און וואָלט געגאַנגען מיט איהם האָבען אַן אָפענעם געשפּרעך. איך וואָלט עס גע־טהאָן זיין פרוי אין די אויגען, אום זי זאָל וויסען ווער איהר תכשיט איז און מיט וועמען זי האָט צו טהאָן, איינמאָל א באַנדיט — אימער א באַנדיט! וואַהר־שיינליך לעקט זיין פרוי אויף קיין האָ־ניג ניט פון איהם! זי דאַרף און זי זאָל וויסען פון אַלעם!

— אָבער איך בין צו שוואַך פאַר אַזא קאָנפערענץ, — האָט פרוי וויינגאַרטען בעמערקט.

— איך וועל מיט אייך מיטגעהן, — האָט מר. לעבמאַן געזאָגט.

— מיר ווייסען דאָך אָבער ניט וואו ער וואוינט?

— דאָס לאָזט שוין צו מיר, איך וועל שוין אויסגעפינען! — האָט ער גע־ענטפערט.

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל
## די מאַמע פון'ם קינד

די מיסעס בראַון, וועלכע איז געווען די מאַמע פון דער אונטערגעוואָרפענער בייבי האָט איהר פּלאַן ריכטיג דורכ־געפיהרט. איהר מאַן פאַר וועלכען זיא האָט אַזוי געציטערט און וועלכען זיא האָט געליעבט מיט'ן גאַנצען פייער פון איהר פרויען נשמה, טראָץ זיינע אַלע חסרונות, האָט ניט געוואוסט און האָט זאָגאַר דעם מינדעסטען פערדאַכט ניט געהאַט, אַז אין די צוויי יאָהר וואָס ער איז אין דער היים ניט געווען, האָט זיין פרוי דאָ דערווייל געהאַט א קינד אויף אַן אונגעזעצליכען וועג.

אַזא געדאַנק האָט איהם אפילו ניט געקענט איינפאַלען אין מח, ווייל ער האָט זי גוט געקענט און האָט געוואוסט, אַז זי איז צו עהרליך אַזא פערברעכען צו בעגעהן. אויף איהם האָט מען זיך געקענט פערלאָזען, ער איז געווען א מבין אויף א שלעכטער פרוי, און ער האָט דאַריבער געוואוסט אַז זיין פרוי איז ניט פון די יעניגע וואָס לאָזט זיך פערדרעהען דעם קאָפּ פון שלעכטע מע־נער. ער האָט אויך געוואוסט, אַז ער איז דער איינציגער מאַן אין דער וועלט, וועמען זיין פרוי האָט ווען געליעבט.

שוין איבער א יאָהר זייט ער איז א היים געקומען, און האָט נאָך דערווייל קיין פינגער אין קאַלטע וואַסער נישט אריינגעליגט. ער איז ארומגעגאַנגען פּוסט־און־פּאַס, און זי האָט נעבאָך גע־ארבייט שווער און ביטער איהם אויס־צוהאַלטען מיט אַלעם וואָס אַזא ספּאָר־טישער מאַן פּאָדערט.

ניט נור האָט זי געמוזט ארבייטען די הויז און דעם מאַן אויסצוהאַלטען, נור האָט אויך געמוזט ארבייטען אויסצו־צאָהלען איהרע חובות, ווען איהר תכשיט האָט געדאַרפט פאָהרען צוריק אהיים פון קאַרלסבאַד, האָט זי איהם געמוזט שיקען דריי הונדערט דאָלאַר, און זי האָט עס ניט געהאַט, זי האָט דאָס געלד געמוזט באָרגען און אויס־צאָהלען צו פינף דאָלאַר א וואָך, מיט'ן

פראַצענט איז דאָס געווען א געשיכטע צו צאָהלען צוויי יאָהר כסדר.

אין דער זעלבער צייט וואָס זי האָט געמוזט אזוי שווער ארבייטען, האָט זי נאָך שטענדיג געהאט געוויסענסביסע, וואָס זי איז א זינדיגע געגען איהר מאן, זי האָט זיך געפיהלט ווי א שטענדיגע ליגנערין געגען איהם, זי איז פאלש, זיא נארט איהם, און דאריבער אליין האָט זי פון איהם אריבערגעטראָגען אלע זיינע משוגעת'ן און בעלײדיגונגען נאָך מעהר ווי בעפאָר און חאָט געשוויגען, זי האָט מורא געהאט איהם א וואָרט צו זאָגען.

דאביי האָט זי אויך געפיהלט א מאָדנע ביינקעניש צו וויסען דעם שיקזאל פון איהר קינד. זי איז דאָך געווען א מאמע !...

אין דיא ערגסטע פערברעכען וואָס פרויען בעגעהען, זעהט זיך דאָך אימער ארויס זייער איידעלקייט און זייער נאַטור געבוירענע פיינקייט.

טראָץ דעם וואָס איהר מאן איז געווען דער גרעסטער באנדיט אין דער וועלט, האָט זי זיך נאָך געגען איהם געפיהלט א זינדיגע און האָט דערפון שרעקליך געליטען.

און טראָץ דעם וואָס דער גאנצער אונגליק מיט'ן קינד איז פאָרגעקומען דורך אן אונגליק אלץ צוליעב איהר שלעכטען מאן — דאָך האָט זי איהם אין גאָרניט בעשולדיגט, און האָט נור בעשולדיגט זיך. ווערענד ער איז ארומגעגאנגען מיט א לויטערען קאָפּ, אָהן זאָרג און אָהן עגמת נפש און איז פון טאָג צו טאָג געזונטער און שעהנער גערען איז זי פון טאָג צו טאָג שוואכער און שוואכער געוואָרען, זי האָט איינפאך געצאנקט ווי א ליכט. לאנגזאם אָבער זיכער איז דאָס פייער פון איהר נשמה אויסגעלאָשען געוואָרען.

די שווערע ארבייט פון איין זייט, די זאָרג פאר איהר פלעק אויף דער נשמה פון דער צווייטער זייט, און דאָס שטילע דענקען און קלעהרען וועגען איהר קינד האָט פון איהר געמאכט א תל.

זי האָט געפיהלט אז זי דארף האָ־ בען רוהע, אָבער ווי האָט זי עס זיך געקענט ערלויבען, אז איהר מאן רייסט פון איהר פאסען: געלד, געלד, געלד ! און וויפיעל זי גיט איהם איז אלץ וועניג.

דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל, זייט ער איז פון יוראָפּ געקומען, וואָס זיא האָט זיך ביי איהם איינגעבעטען ער זאָל זי נעהמען אין קעפּיטאָל טעאטער זעהן די פּיקטשור און הערען די מוזיק. ווען בעללא מיט איהר פריינדין זיינען אריינגעקומען אין דער לאָבי פון טעאַטער, זיינען דאן די מר. און מרס. באַראן ארויסגעקומען פון טעאטער, און ווען ער האָט איהר פאָרגעשטעלט בעללא'ן אלס מיס וויינגארטען, זיינע אן אלטע בעקאנטע, האָט עס אין איהר אלע איהרע וואונדען אויפגעפרישט.

— וואָס זאָל עס בעדייטען, — האָט די מרס. באראן געטראכט, — וואָס די מיס וויינגארטען האָט אזוי שלעכט געפיהלט, ווען זי האָט זיי דערזעהן, אז זיא איז געפאלען אין אונמאכט. זאָל עס מעגליך זיין אז מען ווייסט שוין ביי די וויינגארטעס אז דאָס קינד איז איחרס ? און מען ווייסט שוין דאָרט פיעלייכט אויך פון וועמען דאָס קינד איז ?

די גאנצע נאכט האָט די מרס. באראן ניט געקענט שלאָפען, נור זי האָט געקלעהרט און געטראכט וועגען די וויינגארטען'ס טאָכטער און וועגען דער אורזאכע ווארום זי איז אין אונמאכט געפאַלען.

ענדליך האָט זי ביי זיך פעסט אָפּגעמאכט איהר מיינונג, אז זי וועט שרייבען א בריעף צו דער מיסעס וויינגארטען, אז זי וויל זי זעהן און מיט איהר רעדען וועגען א וויכטיגע טשאריטי קיים. זי וועט איהר שרייבען, אז זי וואָלט געגאנגען צו איהר, אָבער זיא פיהלט ניט גוט, דאריבער האָפט זי, אז זי וועט איהר פערצייהען וואָס זי בעמיהט זי זי זאָל קומען צו איהר, און זי וועט געוויס קומען — דאן וועט זי ביי איהר פרעגען די אורזאכע פון איהר טאָכטער'ס פאסירונג אין קעפּיטאָל טעאַטער און וועט צוזאמען דערמיט טריי־

ען אויסצוגעפינען וואָס מיט דעם געפונענעם קינד איז געוואָרן.

מיסעס באראָן האָט געטרייעט איהר האנדשריפט שטארק צו ענדערען, מען זאָל ניט דערקענען, אז דאָס איז די זעלבע האנדשריפט ווי דער בריעף וואָס זי האָט געשיקט צוגעפינט ביים קינד'ס דרעסקעלע, כדי פרוי וויינגארטען זאָל דעם מינדעסטען פערדאכט ניט האָבען אז דאָס רופט זי די מאמע פון'ם קינד.

ביי איהר איז כמעט געווען פעסט אָפּגעמאכט איהר בעשלום אז זי זאָל קיין ראבע ניט זוכען פון דעם אונמענשען וואָס האָט זי געשענדעט. אָבוואָהל זי האָט אויף איהם געטראָגען א שרעקליכען האס און א שנאה וואָס האָט אין איהר געברענט ווי א פייער.

זי האָט אָבער געמוזט שווייגען ווייל זי האָט זיך געפונען צווישען צוויי פלאָמען — אז זי זאָל אָנפאנגען זוכען ראָבע, וועט דאָך דער גאנצער סקאנדאל ארויסקומען אין דער עפענטליכקייט, אויסער דעם האָט זי מורא געהאט, אז ווען זי וועט זאָגען ווער דער מאן איז געווען וועט מען איהר גאָרניט וועלען גלויבען — ווייל דער מאן איז א בעוואוסטער פרומער איד; א איד וואָס געהט דריי מאָל אין טאָג דאווענען; א איד וואָס שרייט געוואלד און שילט מיט טויטע קללות יעדען איינעם וואָס איז מחלל שבת און יעדען וואָס גאָלט זיך די באָרד; א איד וואָס לאָזט ניט אראָב די יארמולקע פון זיין קאָפּ ניט ביי טאָג און ניט ביי נאכט; א איד וואָס ריהרט זיך ניט צו צו זיין טעלעפאָן שבת, ער זאָל אפילו צוריסען ווערען קלינגענדיג; א איד וואָס עסט ניט אין קיין פרעמדע הויז, אפילו ביים פרומסטען אידען, אויס מורא פאר טרפות, היינט ווער וועט עס איהר וועלען גלויבען, אז אזא גאָטספורכטיגער איד, וואָס איז שוין א טאטע פון גרויסע ערוואקסענע קינדער, וועט בעגעהן אזא פערברעכען?

גראָדע איז ער געווען דער יעניגער וואָס האָט אויפגעהויבען א שטארקען פראָטעסט ווארום מען ערלויבט פרויען מיט נאקעטע הענד קומען אין שול דאווענען אָדער צו א חופה — ס'איז א חילול השם, האָט ער געשריען, אזא חוצפה טאָר ביי אידען ניט דערלאָזט ווערען, און ער האָט דורכאויס געוואָלט אז רבנים זאָלען אריינוואַרפען אין חרם יעדע פרוי אָדער מיידעל, וואָס טראָגט א דרעס שטארק געבלויזט און אָהן ארבעל.

און גראָדע ער איז געווען דער יעניגער וואָס האָט פערשוועכט די עהרע פון אן אשת איש אויף'ן שענדליכסטען אופן. און זי איז געווען אזוי גוט ווי זיכער, אז ווען זי וועט אפילו הייזעריג ווערען שרייענדיג, וועט מען איהר אָנשפייען אין פנים.

זי האָט געוואוסט, אז אלע וועלען זאָגען, אז זי, א יונגע לעבעדיגע ווייבעל, האָט געוויס דעם גאנצען בלאָף אויסגעטראכט אום צו סאָקען פון א פרומען אידען געלד.

דיעזע אלע געראנקען זיינען איהר פארבייגעפלויגען פאר די אויגען ווען זי האָט דעם בריעף געשריעבען צו דער מרס. וויינגארטען.

זי איז דאן אין הויז געזעסען איינע אליין, און דער מאן איז ווי געוועהנליך געזעסען ערגעץ אין א געמבלינג פלאץ.

פון איהרע אויגען האָבען זיך טרעהרען געגאָסען ווי פון א טייך. זי האָט בעטראכט דעם גאנצען באלאנס פון איהר לעבען.

חתונה געהאט יונג, כמעט נאך א קינד געווען, קיין פולע אכצעהן יאָהר ניט אלט געווען. אריינגעפאלען אין די הענד פון א שארלאטאן. א שלעכטער מענש אָהן אירגענד וועלכען געפיהל פון מענשליכקייט און יושר.

ווי דער ווארים חריין איז זי צו איהם צוגעוואוינט געוואָרען. זי איז צו איהם געווען צוגעקניפּט און צוגעבונדען ווי ער וואָלט זיין איין מאן אין דער וועלט.

מסתמא איז איהר מזל אזא, האָט זי געדענקט.

אָבער ווי נעהמט מען אזוי פיעל כחות צו ארבייטען צו קענען בעזאָרגען מיט געלד אזא ספּאָרט וואָס קען פערגעמבלען א רייכטהום? — זי האָט געארבייט אין א שאפּ, האָט זי קוים געקענט פערדיענען איהרע צוואנציג דאָלאר א וואָך, ער פלעגט עס פון איהר אוועקנעהמען און שטענדיג ארומגעהן און וואָרטשען. אנדערע פרויען, וואָס זיינען ניט חאלב אזוי שעהן ווי זי, פלעגט ער צו איהר טענה'ן מאכען גליקליך זייערע מענער, און ער האָט איהר געגעבען אזעלכע העסליכע אָנצוהערענישען, אז זי האָט זיך געשעהמט פאר זיך אליין.

ווען ער איז אוועקגעפאָהרען נאָך איירָאפּא און זי האָט איהם געמוזט שיקען די צעהן דאָלאר א וואָך און אין פעקטאָרי, וואו זיא האָט געארבייט איז געוואָרען סלעק, האָט איהר יעמאנד געגעבען אן עצה זיא זאָל אָנפאנגען מאכען שנאפּס און עס פערקויפען צו פריינד און בעקאנטע. מען האָט איהר ערקלעהרט אז זי קען מאכען דעם בעסטען שנאפּס און עס וועט זי מעהר ניט קאָסטען ווי אָנדערהאלבען דאָלאר א גאלון און זי וועט עס לייכט קענען פערקויפען צו צעהן דאָלאר א גאלון.

זי האָט געוואוסט אז מען טאָר עס ניט טהאָן, אז ס'איז פערבונדען מיט געפאהר, אז מען קען זי ווען עס איז כאפּען און זאָל דערפאר מיט איהר פרייהייט בעצאָהלען. אָבער ווי קען זי לאָזען איהר קראנקען מאן אין א פרעמד לאנד און איהם קיין געלד ניט שיקען?

פון וואנען זאָל זי וויסען, אז ער סאָקט פון אנדערע אויך פונקט ווי ער סאָקט פון איהר די צעהן דאָלערדיגע יעדע וואָך.

זי האָט איהם געגלויבט וואָס ער האָט איהר געשריעבען, אז ווען ער וועט צוריק קומען וועט ער שוין געהן ארבייטען און טרייען צו מאכען פאר איהר א לעבען, ווי גאָט האָט געבאָטען.

און דאָס מאכען שנאפּס איז ביי איהר געווען בלויז א צייט פראגע, ביז ער וועט צוריק קומען. דאן וועט זי צוברעכען די מאשינערי און דערמיט וועלען זיך אלע איהרע צרות ענדיגען.

דיא ערשטע צייט האָט זי געמאכט וועהניג, און פון יעדען קלאפּ אין טיר, וואָס האָט זיך נור אויסגעוויזען, אז יעמאנד געהט פלעגט איהר דיא נשמה ארויספאלען.

אָבער הלוואי זאָל מען ניט געפּרובט ווערען צו וואָס מען קען געוואוינט ווערען. לאנגזאם האָט זי זיך צוגעוואוינט צו איהר נייער פרנסה, און זי האָט דאַביי געמאכט א ביסעל א לייכטערען לעבען ווי ארבייטענדיג אין שאפּ.

זי האָט שוין געהאט איינגעפיקסט א טרייד פון סטעדי קאָסטאָמערס אזוי אז זי איז שוין געווען זיכער מיט די צעהן דאָלאר וואָס זי האָט געדארפט שיקען איהר מאן יעדע וואָך, ער זאָל זיך דאָרט נעבאך ניט דארפען פלאגען א קראנקער מענש אָהן א פעני, אזוי ווייט אוועק פון דער היים.

איהר איינציגע בקשה צום רבונו של עולם איז געווען אז דער מאן זאָל שוין קומען געזונטערהייט און זאָל שוין אליין אָנהויבען זאָרגען פאר א לעבען, זי זאָל ניט דארפען אליין טראָגען אויף זיך די יאָך פון פרנסה און ציטערען פאר יעדען פּאָליסמאן וואָס געהט פארביי, טאָמער קומט מען עס זי ארעסטירען.

זי האָט געוואוינט אין קאנארסיע אין אן אלטע צובראָכענע חורבה. איהר לענדלידי איז געווען אן אלטע אלמנה, א פרוי פון א יאָהר ניינציג, זי איז געווען א קריפּעל, האלב פאראליזירט, שטארק טויב און קוים וואָס זי האָט זיך נעעקנט אויף די פיס שלעפּען.

די אלטע פרוי האָט געוואוינט אָפּסטעירז מיט נאָך א פרוי, וועלכע איז געגאנגען ארבייטען. אלעם פלעגט מען דער אלטער ארויפבריינגען, ווייל עס איז איהר כמעט געווען אונמעגליך ארונטערצוגעהן די טרעפּ. און פאר מרס. באראָן איז דאָס געווען ווי געוואונשען. זי האָט געוואוינט אין בייסמענט, און דעם שנאפּס האָט זי געקענט מאכען אין סעלער אונגעשטערט.

איינמאָל אין א נאָכמיטאָג, וועהרענד זי איז געזעסען און האָט געשריעבען א בריעף צו איהר מאַן, האָט זי גענומען בערעכענען דעם באַלאַנס פון איהר טרויעריגען לעבען און די טרעהרען האָבען זיך פון איהרע אויגען געגאָסען ווי פון א טייך:

"עס וואָלט שוין צייט געווען, מיין טייערער מאַן, האָט זי צווישען אנדערעס געשריעבען, אז איך זאָל שוין אויך וויסען פון א לעבען, ווי אנדערע פרויען לעבען און געניסען אלע זיסע פרוכט פון לעבען. מיינע יונגע בעסטע יאָהרען זיינען אוועק און איך האָב נאָך גאָרניט געלעבט. דו ווייסט דעם אמת, אדאָלף, אז איך ליעב דיך מיט'ן גאַנצען פייער פון מיין נשמה, און דו האָסט מיך תמיד אזוי שלעכט בעהאַנדעלט, ווי איך וואָלט זיין די ערגסטע פרוי אין דער וועלט.

פאַר וואָס קומט עס מיר? צו דען איז עס א פערברעכען אזוי צו ליעבען א מאַן ווי איך ליעב דיך? איך האָב אויף מיין לעבען קיין מאַן ניט געליעבט אויסער דיך. האָב נאָך גאָרניט געלעבט זאָלסט מיר נור געבען די מינדעסטע געלעגענהייט דערצו, וואָלט איך דיך איינפאַך פערגעטערט.

די גאַנצע צייט וואָס דו האָסט כלומרשט געלעבט מיט מיר, האָבען פון דיר פרעמדע א סך מעהר הנאה געהאַט ווי איך, ווען ביסט דו געווען אין דער היים און ווען האָב איך דיך געזעהן?

איך ארבייט ווי א שקלאַפין פון זינט איך האָב דיך דערקענט — זאָג מיר, אדאָלף מיין טייערער, וועט זיך שוין מיין מזל אמאָל ענדערען? וועל איך אמאָל דערלעבען יענע גליקליכע צייט ווען איך וועל נור זיין הויזווירטהין און מיין ליעבער מאַן וועט פאַר מיר פערזאָרגען אלעס וואָס א ווירטהין דאַרף האָבען אין הויז?

וועל איך אמאָל דערלעבען יענע גליקליכע צייט ווען מיין ליעבער אדאָלף וועט האַרציג קושען מיינע ליפּען מיט ליפּען וואָס זאָלען זיין אזוי ריין ווי מיינע, און מיט א האַרץ וואָס זאָל זיין אזוי עהרליך און אזוי גאַנץ און טריי ווי מיין האַרץ?

וואָס ביז יעצט איז געווען, מיין טייערער, ליעבער אדאָלף, בין איך דיר אלעס מוחל. איך בעט דיך אָבער, אז יעצט ווען גאָט וועט דיך ברענגען צו מיר צוריק בשלום, זאָלסטו אוועקוואַרפען דיינע אלע אלטע וועגען, זאָלסט שלאָגען כפּרות מיט די פערדלאַך און מיט די קאָרטען, און זאָלסט מעהר קיין פרעמדע פרויען ניט זוכען און טרייען נור צו זיין א מאַן צו דיין פרוי.

דו וועסט גאָר אליין אויך פיהלען גליקליכער ווען דו וועסט ארומגעהן מיט א ריינעם געוויסען, אז דו ביסט אן עהרענהאַפטער מאַן, וואָס ארבייט עהרליך זיין פרוי פערגעניגען פערשאַפען.

אַה, ליעבער אדאָלף, איך בעט דיך, זיי ניט בייז אויף מיר, וואָס איך וועל דאָ ווידערהאָלען דאָס וואָס איך פלעג דיר אָפט זאָגען ווען דו ביסט צו מיר שלעכט געווען.

אונזערע צוויי ליעבע שעהנע קינדערלעך, וואָס זיינען פון אונז אזוי יונג אוועקגעריסען געוואָרען, קומען מיר אָפט צו חלום און זאָגען מיר, אז זייערע יונגע נשמה'לאַך ליידען דאָרטען נור איבער דיר. די גוטע מלאכים ווילען זיי ניט נעהמען אין גן עדן, זאָגען זיי מיר, ביז דער פּאַפּאַ וועט ווערען בעסער און וועט לעבען מיט דער מאַמאַ ווי גאָט האָט געבאָטען.

ווי איך זעה, מיין טייערער, האָב איך נאָך אויף דיר עלף לאַנגע, טרויעריגע און שרעקליך אומעדיגע מאָנאַטען צו וואַרטען.

אָבער עס וועט ביי מיר אלעס זיין כדאי, אבי דו זאָלסט קומען צוריק צו מיר א נייער מאַן, מיט א האַרץ וואָס זאָל בעלאַנגען אין גאַנצען צו מיר, אזוי ווי מיין האַרץ בעלאַנגט אין גאַנצען צו דיר...

מיין טייערער אדאָלף, עפּעס ווילט זיך מיר אין דיעזען בריעף מיין גאַנצע צואוועהטאָגטע האַרץ פאַר דיר עפענען, מיט דער האָפנונג, אז דו וועסט אריינ-

געהן אין מיין לאגע און דו וועסט שוין זיין א מענש צו גאט און צו לייט, ווען דו וועסט אהיים קומען.

אין אלע צוועלף יאהר וואס מיר האבען צוזאמען געלעבט, האסטו מיר קיין מאל קיין געלעגענהייט ניט געגעבען איך זאל זיך מיט דיר ריכטיג דורכרעדען ווי א פרוי מיט א מאן. ביסט שטענדיג ארומגעפלויגען ווי א וויטער וו'פאליע, וויא דער רוסישער מוזשיק דריקט זיך אויס, וואס מיינט ווי א ווינט אין פעלד.

דאס פאפיער איז מעהר נעדולדיג ווי דו, און איך וויל זיך יעצט פאר דיר אויסרעדען און דיר דערצעהלען אלעס וואס מיך פלאגט און מאטערט די גאנצע צייט וואס איך פיהר אן די טרייפע שנאפס ביזנעס.

ווען ניט דאס געלד וואס איך מוז דיר שיקען יעדע וואך, וואלט איך עס ניט געטהאן פאר קיין געלד אין דער וועלט. אבער גאט ווייסט דעם אמת אז איך בין קראנק און נערוועז. אין א שאפ קען איך מעהר ניט ארבייטען, צווייטענס איז יעצט די ארבייט אין די שעפער זעהר צרה'דיג, עס איז אונמעגליך עטוואס אויסצומאכען. איך האב גענומען די געפעהרליכע שנאפס ביזנעס, וויא איינע וואס טרינקט זיך און כאפט זיך אן אין א שארף פון א שווערד. וואס דען האב איך געקענט טהאן?

אום צו פערהיטען מיין כבוד, האב איך געטרייעט צו בעקאנט מאכען מיין ביזנעס נור צו עלטערע מענשען, צו שול אידען, און מיין גאנצער טרייד איז פון זאגענאנטע פיינע בעלי בתים, וואס קויפען ביי מיר שנאפס פיר קידוש און הבדלה, פיר יאהרצייטען און ווען עס איז ביי זיי א שמחה. אבער ווער און וואס זיי זאלען ניט זיין, מענער זיינען זיי, און אז זיי דערזעהן א פרוי אליין, און נאך דערצו א פרוי וואס איז ארעם און נויטיגט זיך אין די פאר פענים וואס זיי געבען איהר צו לייזען אלס א טובה, ווייל מען קען יעצט די משקה קריגען וואו מען ווארפט נור א שטיין, טרייען זיי פאר'ן זעלבען געלד וואס זיי קאסט, מיר צו מאכען פערשיעדענע העסליכע פארשלעגע, נאטירליך ניט אלע, אבער די מעהרסטע מענער זיינען שרעקליך צולאזען און פערדארבען. דער טהוט א קניפ, דער א ריס, דער א גלעט, און ווי די אלע זאכען עקלען מיך, מוז איך נאך אפט אלס אראפשלינגען מיט א שמייכעל אום ניט צו פערלירען א גוטען קאסטאמער. איך דארף דאך דיר שיקען צעהן דאלאר יערע וואך! דאס איז ניט קיין קלייניגקייט! מעגסט מיר גלויבען אז פאר מיר אליין וואלט איך אסור אזוי די וועלט געקעהרט. איך וואלט ליעבערשט געהונגערט, איין מאל אין דריי טעג א שטיקעל טרוקען ברויט נעגעסען און ניט געטהאן אזא ביזנעס. אבער פאר דיר, מיין טייערער, טהו איך אלעס — — —

מיסעס בעראן האט זיך אפגעשטעלט אין מיטען, סאמע ווען איהר קאפ איז פול געווארען מיט געדאנקען וואס זיא האט גערעכענט איבערצוגעבען מיט אלע איינצעלהייטען צו איהר מאן, עס זאל איהם זיין א לעסאן ווי צו בעהאנדלען א גוטע, אן עהרליכע, אן אנשטענדיגע פרוי, ווען ער וועט צוריק קומען.

אבער פלוצים האט זיך געהערט א קלאפ אין טיר און זי האט געמוזט אויפשטעהן און געהן עפענען — פרנסה!

עס איז אריינגעקומען א מאן פון א יאהר פינף און פערציג, א ברייטער, א הויכער, פעסטגעבויטער איד מיט א רויטען בארד, בעוואקסען כמעט איבער'ן גאנצען געזיכט.

ער האט אויסגעזעהן צו זיין פון כליקודש, א חזן, א שמש, אדער א שוחט. אזוי האט זי גערעכנט, ווען זי האט איהם אריינגעפיהרט אין הויז און האט איהם געבעטען זיצען.

פופצעהנטער קאפיטעל
## געפאלען אלס קרבן

— וואס וועט איהר עפעס זאגען, מיסטער? — האט זי ביי איהם געפרעגט, און איהר בליק איז דאן געפאלען אויף זיינע גראבע אומגעלומפערטע הענד. זי האט נאך אויף איהר לעבען אזעלכע גראבע הענד ניט געזעהן

ביי א מאן. יעדער פינגער זיינער איז געוועז דיקער וויא איהר גאנצע האנד, ער האט געמוזט זיין אין דער היים א בעל עגלה, אדער א שמיד.

זיינע אויגען זיינען געוועזן גרוי וויא ביי א קאץ און אין גאנצען האט ער מעהר אויסגעזעהן חיה ווי א מענש.

— איך ווייס ניט ווי אזוי קען א פרוי ליעבען און זיך צוריהרען צו אזא מאן?

— האט זי זיך געטראכט, און אין הארצען בעדויערט דעם שיקזאל פון א אידישע טאכטער וואס מוז מיט אזא גראבע בריאה לעבען.

אין בייסמענט, וואו זי האט געוואוינט האט געברענט דער אויווען און עס איז געוועזן גאנץווארעם, טראץ דעם וואס אין דרויסען האט געברענט דער פראסט. די ווארימקייט פון הויז האט ארויסגעבראכט די גאנצע נאטירליכע פארב אין איהרע באקען. איהרע געבאבטע האר וואס זיינען געוועזן פיין פערקאמט און איהר זילבער ווייסער האלז האט ארויסגעשיינט ווי אלבאסטער פון׳ם שווארצען סוועטער וואס זי האט דאן אויף זיך געטראגען.

דער סוועטער איז געוועזן אהן ארבעל און איז געוועזן צוגעשפילעט. זי האט קיין קארסעט ניט געטראגען און איהרע רינדע בריסט האבען זיך כמעט אין גאנצען דורכגעזעהן דורך דער הויז דרעס, וואס האט זיך צושפילעט ווען זי איז געזעסען אנגעבויגען ביי דעם שרייבען.

ווען זי האט דערזעהן דעם מאן האט זי געטרייעט שנעלער צו פערשפילען די באטענס, אבער ווי אויף להכעיס האבען זיך די באטענס ניט געהאלטען, און דער איד האט מיט א טירישע ליידענשאפט דוקא געקוקט וואו מען דארף ניט און א מאדנער פייער האט זיך אין זיינע קאצענע אויגען אנגעצונדען.

— וואס וועט איהר עפעס זאגען? — האט זי ווידערהאלט איהר פריהערדיגע פראגע, און האט געוואלט וואס שנעלער פון איהם פטור ווערען, צו קענען פארטזעצען דעם בריעף צו איהר מאן.

דער איד האט געשמייכעלט אייסשצי־רענדיג א רייהע שווארצע צייהן אויף וועלכע עס איז געוועזן העסליך צו קוקען.

— מיך האט געשיקט אהער דער שמש פון אונזער קאנגרעגיישאן, — האט ער געענטפערט, — איך האב געדענקט צו נעהמען ביי דיר בלויז איין באטעל שנאפס אויף א פראבע, אבער, אז דו ביסט אזא שעהנע ווייבעל, וועל איך נעהמען צוויי.

— זעהר שעהן, — האט זיא געזאגט מיט א געצוואונגענעם שמייכעל, — זיצט, זייט מוחל א פאר מינוט, וועל איך אראפגעהן אין סעלער און וועל איך ארויפברייגגען דעם שנאפס פיין איינגעפאקט, אין א באקס, מען זאל ניט דערקענען וואס איהר טראגט.

אנשטאט זיך אוועקזעצען ווי זי האט איהם געבעטען, איז ער צוגעגאנגען צו איהר נאהענט און האט זי א גלעט געטהאן אין באק מיט זיינע גראבע לאפעס.

— אלל ראיט, — האט ער געזאגט.

— געה ארונטער אין סעלער, און מאך עס שנעל.

א פאר מינוט נאכדעם וויא זיא איז ארונטערגעגאנגען אין סעלער און האט זיך גענומען אנגיסען די באטעלס, איז ער אויך ארונטערגעקומען, און האט איהר געזאגט:

— איך גלויב, אז דו וועסט גארניט האבען דאגעגען, ווען איך וועל פערזוכען אביסעל פון׳ם שנאפס וואס דו פערקויפסט מיר.

— מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען, — האט זי געענטפערט — דא האט איהר שוין אן אנגעגאסענעם באטעל, נעהמט און פערזוכט.

און ער האט פיבעריש געכאפט און אריינגעגארגעלט אין האלז אריין אפשר א האלבען באטעל. זי איז א פערציטערטע געווארען.

זי האט נאך אויף איהר לעבען ניט געזעהן אזא מין זויפען, ריכטיג וויא עס וואלט געוועזן וואסער ניט קיין שנאפס.

נור צוליעב אזעלכע מענשען אליין איז געוועזן א יושר צו מאכען פראהיבישאן.

האַט זי געטראַכט און האָט פאַרטגע־זעצט איהר ארבייט, אָבער מיט אמאָל האַט זי דערפיהלט ווי א שטאַרקער אָרם האַט זי פעסט ארומגענומען און צוגע־דריקט צו זיין ברוסט.

— גאָט איז מיט אייך ! — האָט זי אויסגעשריען, — וואָס טהוט איהר, איך וועל באלד מאַכען א געוואַלד, וועט מען זיך צונויפלויפען פון סטריט !...

— נעווער מיינד, דו וועסט עס ניט טהאָן, — האָט ער געענטפערט מיט א טייפלישען געלעכטער, — דו וועסט מורא האָבען מען זאָל ניט דערזעהן דעם ברייזעל דאָ און דיר פערפּאַקען אויף א פּאָר יאָהר אין פּריזאָן.

דיעזער ענטפער האָט זי ווי מיט א קאַלטען עמער וואסער אָפּגעגאָסען, און זי האָט געטרייעט איהם צו זאָגען מיט גוטען.

— פּליעז, מיין ליעבער איד, לאָזט מיך אָב, איך בין א פרוי פון א מאַן...

אָבער ער האָט אין זיין אויפרעגענדע ליידענשאַפט גאַרניט געהערט וואָס זי האָט צו איהם גערעדט. ער האָט זיך לאַנג ניט געדאַרפט ראַנגלען מיט איהר, זי איז געגען איהם געװען ווי א בייבי, זי האָט געקעמפּפט מיט אלע איהרע קרעפטען ווי געגען א לייב, זי האָט געריסען, געביסען אָבער איהם האָט עס געקימערט ווי גאַר־ניט, זי איז געווען ביי איהם אין די הענד ווי א פּלעי באָל, מיט וועלכער ער האָט געקענט מחאַן וואָס ער האָט געוואָלט, און פיהלענדיג איהר אונמעכטינקייט איז זי חלשות געפאַלען...

ווען זי האָט ערוואַכט איז דער מאַן שוין ניט געווען, זי האָט געזעהן אז זי ליגט אויף דער ערד, די גאַנצע דרעס אויף איהר און איהר אונטערוועש איז צו־ריסען, און אויף'ן טיש, וואו די באַטעלס זיינען געשטאַנען איז געלעגען א פינף דאָלאַר ביל.

ניט קלעהרענדיג פיעל האָט זי געכאַפּט און דאָס פינפעריל צוריסען און אוועק־געוואָרפען.

— אזעלכע געלדער וויל איך ניט האָ־בען, — האָט זי געמורמעלט צו זיך אליין שפּייענדיג מיט עקעל אויף'ן צוריסענעם פינף דאָלאַר ביל.

באַלד האָט זי דערפיהלט שרעקליכע קאָפּ־שמערצען. זי האָט קוים איהרע לעצטע קרעפטען צוזאַמענגענומען און איז ארויף אָפּסטעירז, האָט זיך אריינגע־וואָרפען אין בעט און האָט ביטער גע־וויינט.

---

עס זיינען פאַראיבער דריי מאָנאַטען.

מרס. באַראַן איז געוואָרען שרעקליך בלאַס און אָפּגעצעהרט. ווען זי האָט זיך דערמאָהנט אין דעם פּאַגראָם וואָס אויף איהר עהרע איז געמאַכט געוואָרען פלעגט זי א שוידער אָנכאַפּען פון עקעל און פון שרעק.

זי איז כמעט די גאַנצע צייט קראַנק געלעגען אין בעט און אַזוי שנעל ווי זי פלעגט נור פערדיענען די צעהן דאָלאַר וואָס זי האָט געדאַרפט אוועקשיקען צום מאַן, האָט זי מעהר ניט געאַרבייט, איינ־פאַך ווייל זי האָט קיין כח ניט געהאַט פון בעט ארונטערצוגעהן, און אַזוי האָט איהר יונגע נשמה געקוועלט ביז זי האָט מיט אמאָל אָנגעפאַנגען פיהלען אז דיא גרעסטע צרה פון אלע קומט צו איהר ערשט.

זי פאַנגט אָן ווערען א מוטער.

א מוטער פון אַן אונגעזעצליך קינד.

און פון וועמען ? פון א באַנדיט וועמ־ען זי האָט אין איהר לעבען בלויז איין מאָל געזעהן און וועמען זי האָט געהאַסט ווי דעם טויט באַלד ווי זי האָט איהם געזעהן.

א פיינעם סורפּרייז וועט עס איהר מאַן טרעפען, ווען ער וועט קומען אהיים נאָך צוויי יאָהר אבוועזענהייט !

זי האָט געטרייעט פערשיעדענע וועגען און פערשיעדענע מיטלען זיך פון דעם קומענדען אונגליק צו בעפרייען, אָבער אלעס איז געווען אומזיסט.

עס איז באַשערט געווען א נפש פון גוואַלד־טהאַט, פון שאַנד און פון אונ־גליק זאָל אויף דער וועלט קומען, און קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען דאָס צו פערמיידען.

דיא אונגליקליכע פרוי האט אייניגע זעלבסטמאָרדען פרובירט און ס'איז ניט געלונגען. זי האט גענומען גיפט, אליין געמאכט פון מעטשעס, האט עס ניט גע־ווירקט, זי האט זיך געטרייעט צו הענ־גען אויף א שטריק וואס זי האט צוזאַ־מענגעדרעהט פון א שטיק פון איהר ליי־לעך, האט זיך דער שטריק איבערגעריי־סען.

און ווען זי האט ענדליך דערזעהן, אז זי איז שוין אין די גרויסע חדשים, איז זי אוועקגעפאָהרען אין פילאַדעלפיא און האט דאָרט אין שטאָדטישען האָספּיטאַל דאָס קינד געבוירען, דאן איז זי מיט'ן קינד צוריק אין ניו יאָרק געקומען און נאָך פיעל שוועריגקייט, מאַטערניש, וועהטאָגען און פלאָגעניש האט עס איהר ענדליך געלונגען אונבעמערקט צו לאָזען דאָס קינד ביי דער טיר פון די וויינגאַר־טענס.

ווארום האט די מיסעס באַראָן גראדע אויסגעקליבען די פרוי וויינגאַרטען, אז זי זאָל זיין די פערזאָרגערין פון איהר קינד און ניט קיין אנדער פרוי?

דאָס ווייסט איהר שוין עטוואָס פון'ם בריעף וואָס מען האט געפונען צוגע־קניפּט ביים קינד'ס דרעסקע. ווייל דער נאָמען פון מרס. וויינגאַרטען האט זיך געהערט ווייט און ברייט אין דער טשאַ־ריטי וועלט פון דער גרויסער וועלט־שטאָדט ניו יאָרק.

האט מען געדאַרפט שטעלען אן אָריי־מע אנשטענדיגע פאמיליע אויף די פיס און אויף א מעמד פרנסה, איז מען דאָס ערשטע געגאַנגען צו מרס. וויינגאַרטען.

האט מען ארויסגעשטעלט אן אָרימע פאמיליע פון די רומס פאר ניט צאָהלען קיין רענט און מען האט געדאַרפט די פאמיליע בעזאָרגען מיט א וואוינונג, איז מען געלאָפען צו מרס. וויינגאַרטען.

האט מען געדאַרפט אן אָרימען קראַנ־קען שיקען אין קאָנטרי, אָדער בעזאָרגען מיט א האָספּיטאַל אין שטאָדט איז מרס. וויינגאַרטען געוועזען די ערשטע צו וועמען די קיים איז געמעלדעט געוואָרען.

ווען א מאמע אָדער א טאטע איז גע־שטאַרבען און עס זיינען געבליבען קליי־נע יתומים וואָס דאַרפען האָבען א היים, אָדער ווען אַלטע און שוואַכע אָרימע מע־נער און פרויען זיינען צו דער עלטער געבליעבען אָהן א מקום מנוחה, וואו זיי־ערע קעפּ אָנצושפּאַרען ביים עלינו פון זייער לעבען איז אַלץ די מרס. וויינגאַר־טען געוועזען די יעניגע וואָס האט עס בע־זאָרגט. ניט ווייל זי איז געוועזען רייך און האט געקענט אליין געבען אזוי פיעל טשאַריטי. ניין! זי איז קיינמאָל רייך ניט געוועזען. אָבער זי האט בעזעסען א רייכע הארץ פול מיט אוצרות פון רחמנות. זי איז געלאָפען אין פייער און אין וואסער ווען נור עס האט זיך גע־האנדעלט אום אן אונגליקליכען מענשען צו העלפען, און וואו עס איז נור פאָר־געקומען ערגעץ א קיים וואו עס האט זיך געפאָדערט וואָהלטהעטיגע ארבייט, האט מען שוין געוואוסט, אז מען מוז זעהן די מרס. וויינגאַרטען.

נאַטירליך האט עס די מרס. באַראָן אויך געוואוסט, און גלייך ווי זי האט נור גענומען דענקען וועגען דער פראגע וואס צו טהאָן מיט'ן קינד — איז איהר באלד דער ענטפער אליין געקומען — די מרס. וויינגאַרטען.

## זעכצעהנטער קאַפּיטעל
## ווער איז דער רויטער איד?

צווישען די פיעלע געהיימע פּאַסירונ־גען וואָס קומען פאָר אין דער גרויסער וועלט־שטאָדט ניו יאָרק, איז אזא פּאַ־סירונג ווי עס האט געטראָפען מיט מרס. באַראָן ניט געווען קיין איינצעלנער צו־פאַל.

אין די מעהרסטע פעלע בלייבט עס א געהיימנים פיר אימער, אם וועניגסטענס פיר יאָהרען און יאָהרען לאַנג. פיעלע פרויען טראָגען זיך ארום מיט אזעלכע פערבאָרגענע וועהטאָגען טיעף אין זייע־רע נשמות און מוזען שווייגען, ווייל זיי קענען זיך ניט העלפען אוים מורא זיי זאָלען זיך ניט ארייינפּלאָנטערען נאך אין א גרעסערען סקאנדאַל.

דער מה יאמרו חבריות? — וואס ווע־לען לייט זאָגען? — האלט א ים מיט

סודות פערשלאָסען ווי אין אייזערנע סייפס און פיעלע פערזאָנען נעהמען מיט זיך מיט זייערע סודות אין קבר. אָפט־מאָל זיינען די סודות אזעלכע, אז מען וואָלט פון זיי געקענט שרייבען די גרעס־טע ראָמאַנען און די ריהרענדסטע דראַ־מען.

אזוי שנעל ווי מרס. בארען האָט דעם שווערען טאַנץ איבערגעקומען און זי איז פון'ם קינד בעפרייט געוואָרען, האָט זי אפילו ניט געטרייעט אויסצוגעפינען ווער און וואָס דער רויטער באַנדיט איז גע־ווען. זי האָט זיך אליין געוואָרגען און געשטיקט מיט דער געהיימנים, האָט קיינעם איהר וועהטאָג ניט דערצעהלט, און ווען איהר מאַן פלעגט ביי איהר פרע־גען:

— וואָרום קוקסטו אזוי שלעכט אויס? וואָס געהסטו ארום אזוי פערטראַכט און צוטראָגען שטענדיג?

איז איהר ענטפער כמעט אימער גע־ווען דער זעלבער:

— איך פיהל אז מיינע כחות פערלאָ־זען מיך, איך וויים אליין ניט וואָס מיט מיר איז.

ער האָט נאַטירליך קיין שלעכטעס ניט חושד געווען. אָבער פון דעסטוועגען אר־בייטען און מאַכען א לעבען איז ער נאָך אַלץ ניט געגאַנגען.

ער איז נאָך אלץ ארומגעגאַנגען און האָט געפּראַנטעוועט אויף איהר רעכע־נונג, וועהרענד זי האָט געמוזט זיצען אין א שאָפּ איינגעבויגען אין דרייען און פערדיענען די הוצאה און נאָך צאָהלען חובות, וואָס זי איז שולדיג געווען פאַר איהר מאַן'ס צווייטע קלאַסע שיפסקאַר־טע וואָס זי האָט איהם געשיקט ער זאָל קומען צוריק אהיים.

די ערשטע פאַר וואָכען איז ער געווען צו איהר נישט־קשה. ער איז געזעסען מעהר אין דערהיים, און האָט זי נישט בעליידיגט.

ער האָט דוקא געוואָלט זי זאָל זיך ווייטער בעשעפטיגען מיט די שנאַפּס ביזנעס, אָבער זי האָט עס ניט געוואָלט. זי האָט מורא געהאַט פיעלייכט וועט דער רויטער באַנדיט ווידער אמאָל קומען צו איהר מיט א בעזוך, און טראָץ דעם וואָס די שאָפּ־ארבייט האָט זי זעהר שוואַך גע־מאַכט, איז זי ליעבערשט געגאַנגען אין שאָפּ ארבייטען, איידער אָנצוהאַלטען די טרייפע ברייזעל, וואָס האָט פון איהר די נשמה־רוהיגקייט פיר אימער אוועקגענו־מען.

— איך קען זיך מעהר מיט'ן שנאַפּס ניט אָפּגעבען, — האָט זי איהם געזאָגט, — די פּאָליציי קען נאָך אונז צו יעדער צייט בעפאַלען און מאַכען אן ארעסט, מען קען נאָך חלילה דיך אויך ארעסטי־רען, מיין מאַן; איך וועל בעסער אר־בייטען שווער אבי אויף אן עהרליכען וועג, איך זאָל ניט דארפען מורא האָבען און ציטערען פאַר יעדען קלאַפּ אין טיר, טאָמער קומט א פּאָליסמאַן אונז ארעס־טירען.

אדאָלף בארען איז טאַקע געווען א גרויסער ספּאָרט, אָבער ער איז דערצו געווען א גרויסער פייגלינג אויך און פאַר ארעסטען האָט ער מורא געהאַט.

ער האָט דאריבער איינגעוויליגט צו איהר פּלאַן, אז זי זאָל בעסער געהן אר־בייטען אין א שאָפּ, ביז ער וועט געפינען בעשעפטיגונג.

דערווייל איז שוין פאַראיבער א יאָהר זינט ער איז געקומען צוריק אהיים און ער האָט זיך אלץ קיין בעשעפטיגונג ניט געקראָגען.

ווייל ער האָט ניט געזוכט.

און זי האָט נעבאָך געצאַנקט ווי א ליכט פון טאָג צו טאָג. ווען זי איז גע־קומען אן אויסגעמאַטערטע פון דער אר־בייט, האָט זי נאָך געמוזט אליין קאָכען סאַפּער פאַר זיך און פאַר'ן מאַן, און ער פלעגט נאָך זוכען חסרונות, ביי ליטען קאָכט מען בעסערע מאכלים און זי האָ־דעוועט איהם מיט רייז און יויך, וואָס איז איהם שוין נמאס ומאוס געוואָרען.

— גיב מיר בעסער א דאָלאַר, וועל איך געהן אין א רעסטאָראַן עסען, — פלעגט ער אָפט שרייען אויף איהר, ווי זי וואָלט עס זיין פערפליכטעט איהם צו האָדעווען.

און זי, פילענדיג דעם געהיימען פלעק, וואָס זי האָט אויף דער נשמה געטראַ־

האָבען אפילו פאר וואָס לאָנטש צו קויפען.

ער האָט ווידער אָנגעפיהרט זיינע אלטע געמבלינג ביזנעס. ווען ער האָט געוואוינען פלעגט ער גאָר אהיים ניט קומען גאנצע נעכט, און ווען ער האָט פערשפּיעלט פלעגט ער קומען בייז און אויפגערעגט ווי א טייוועל און האָט צו איהר אלע צרות אויסגעלאָזט.

— איך חאָב געזעהן איטאליעניש מיידלאך און פרויען וואָס מאכען צו זיעבציג און אכציג דאָלאר א וואָך, — האָט ער זיך אמאָל צושריען אויף איהר, ווען ער איז געקומען אהיים א פערשפּילטער, — און ביי דיר אז דו מאכסט פינף און צוואָנציג דאָלאר א וואָך מאכסטו מיך שוין גליקליך, דו ראטעוועסט אמעריקא מיט דיין ארבייטען, און האלסט נאָך אין איין קרעכצען און זיפצען, ווי דו וואָלסט זיין דעם עקס קייזער ווילהעלם׳ס א טאָכטער. איך ווייס דאָך דיין יחוס משטיינס געזאָגט. דיין טאטע איז געוועזען א פּעל הענדלער, א איד׳א שיכור, א פּיאניצע, און די מאמע דיינע וואָס חאָט כלומרשט געשפּיעלט די ראָלע פון א אשה צנועה, א צדקה געבערין, האָט אויך ניט פיינט געהאט דאָס וואָס מען טאָר ניט — — —

— איך בעט דיך, אראָלף, — האָט זי איהם אונטערבראָכען, — זידעל מיך וויפיעל דו ווילסט, שילט מיך, בעשולדיג מיך, שלאָג מיך אפילו, נור די נשמות פון מיינע טויטע עלטערען, בעט איך דיך, אז דו זאָלסט ניט דערמאָהנען צו שלעכטען.

דער אבענד אין וועלכען ער איז מיט איהר געגאנגען אין קעפּיטאל טעאטער וואו זיי האָבען זיך בעגעגענט מיט דער פריילין בעללא וויינגארטען, וועלכע איז אין אונמאכט געפאלען פון דער בעגעגעניש, דיעזער אבענד איז געווען אן אויסנאחם. אראָלף האָט די גאנצע צייט זיין פרוי קיין איינציגען מאָל אין טעאטער ניט גענומען. נור דאָס מאָל האָט ער איהר געטהאָן א טובה, דערפאר וואָס זי האָט איהם אפּגעגעבען די גאנצע וויידזשעס וואָס זי האָט פערדיענט די וואָך.

ער האָט איהר דערצעהלט א געשיכטע אז ער חאָט ערהאלטען א בריעף פון פילאדעלפיא פון א ביזנעס מאן, מיט וועלכען ער האָט זיך בעקאנט אין קארלסבאד, וואו דער מאן האָט גענומען א קוראציע אין די בעדער, און דער מאן שרייבט איהם ער זאָל קומען אין פילאדעלפיא, ער האָט פאר איהם א גוטען דזשאב.

— געוועהנליך מוז איך ביי זיך האָבען א פּאָר דאָלאר, איך זאָל ניט אויסקוקען צופיעל שנאָרעריש, — האָט ער געזאָגט דער פרוי, — גיעב מיר אָפּ דיא גאנצע וויידזשעס, דערפאר האָף איך, אז מעהר וועסטו שוין ניט דארפען ארבייטען. איך וועל שוין פאר דיר מאכען א לעבען, מיין טייערע, און דו וועסט שוין אויך אָנהויבען וויסען פון א וועלט.

— הלוואי, פון דיין מויל אין גאָט׳ס אויערען, — האָט זי געענטפערט מיט א זיפץ, יא און ניט גלויבענדיג וואָס ער זאָגט איהר. — נא דיר די 25 דאָלאר, און איך וועל שוין ווי עס איז דורכקומען ביז דו וועסט צוריק קומען.

— עס קען זיין, אז איך וועל שוין גאָרניט צוריק־קומען, — האָט ער געזאָגט. — אויב איך קריג דעם דזשאב, וועל איך דיר באלד שרייבען, און דו וועסט קומען צו מיר אין פילאדעלפיא.

— הלוואי זאָל עס נור אמת זיין, — האָט זי געשטאמעלט שאָקלענדיג מיט די פּלייצעס. עס איז צו גוט צו זיין אמת.

עס איז געווען אין יענעם אבענד, וואָס ער האָט זיין פרוי פערשאפט די פערגעניגען און האָט זי געפיהרט אין קעפּיטאָל טעאטער, נאטירליך נאכדעם וויא ער האָט פון איהר דעם גאנצען פעי־ענוועלאָפּ ארויסגעקראָגען ניט קיין געעפענטען.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז ער אוועקגעפאָהרען, אָבער ניט קיין פילאדעלפיא, ווי ער האָט איהר געזאָגט, און ניט וועגען א דזשאב ווי ער האָט זי געטריעט צו בלאָפען...

גען, האָט זי מורא געהאט איהם ענטזאגען און זי פלעגט איהם די לעצטע פעני איהרע אוועקגעבען, און אליין ניט

זיעבצעהנטער קאַפּיטעל

## לעבען אין א טויטער נשמה

אפילו די שטאַרקסטע סטרונע ווען מען ציהט אָן צו שטאַרק מוז זי פּלאַצען. דאָס זעלבע איז כּיט מענשליכע געדולד.

קיין אידישע טאָכטער ליידעט ניט אזוי פיעל פון א מאַן ווי די מרס. באַראָן האָט געליטען.

עס איז אמת, אז לעצטענס האָט זי זיך געפיהלט געגען איהם ווי א פערזינדיגטע און זי האָט איהם ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען ווען זי האָט צו איהם גערעדט, אָבער ווער האָט נאָך געוואוסט אזוי דעם אמת ווי זי, אז זי איז געפאַלען אַן אונשולדיגער קרבן אין די הענד פון א באַנדיט, און אז דער גאַנצער אונגליק איז איהר געקומען אייבער די צעהן דאָלאַרדיגע וואָס זי האָט איהם געמוזט שיקען יערע וואָך.

צו דער זעלבער צייט האָט זי גענומען בערעכענען צו וועמען זי האָט איהר גאַנצע ליעבע אוועקגעגעבען — א מאַן וואָס האָט ניט קיין צוגבונדענקייט ניט צו זיין פרוי און ניט צו זיין חיים — א מאַן וואָס האָט ניט קיין וואָרט אין זיך — א מאַן וואָס שעהמט זיך ניט צו לעבען אימער פון די פערדיענסטען פון זיין שוואכער פרוי — א מאַן וואָס וואָלט זאָגאר געווען בערייט צו לעבען פון זיין פרוי'ס שאַנדע. ניין! עס קען אזוי ווייטער ניט געהן! האָט זי ענדליך איין מאָל אין א שעהנעם פריהמאָרגען ביי זיך פעסט אָפּגעמאַכט איהר מיינונג.

איך בין אויך א מענש מיט אלע מענשען גלייך, איך וויל נאָך אויך געניסען עטוואָס פון לעבען. ביז וואַנען איז דער שיער זיך צו לאָזען טרעטען מיט די פיס פון א מאַן וואָס אנערקענט נים און וועט ניט אנערקענען קיינמאָל וויפיעל גוטעס די פרוי זאָל פאר איהם ניט טהאָן!

דיעזער נייער געדאַנק פון לעבען איז איהר געקומען נאָכדעם ווי איהר מאַן האָט זי צום לעצטען מאָל אָפּגענאַרט מיט'ן בלאָף, אז ער פאָהרט נאָך פילאַדעלפיא וועגען א דזשאָב.

עס זיינען פאַראיבער פיער וואָכען און זי האָט ניט געהערט א וואָרט פון איהם, ווי ער וואָלט מיט אמאָל אין וואסער אָדער אין דער ערד אריין.

ניטאָ אראָלף!

זי האָט געשריעבען צו זיינע און צו איהרע בעקאַנטע אין פילאַדעלפיא — האָט איהר דאָרט ניט געזעהן מיין אראָלף? — אָבער ווער אראָלף? וואָס אראָלף? קיינער האָט איהם ניט געזעהן און קיינער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען.

און ווי האָבען זיי איהם דען דאָרט יא געקענט זעהן, אז ער איז גאָר אין פילאַדעלפיא ניט געוועזן אפילו.

מיט א מאָנאט שפּעטער ערשט האָט זי נעקראָגען פון איהם א גרוס.

דער גרוס איז געקומען ניט דירעקט פון איהם, נור פון איהרע א לאַנדספרוי פון מאָנטרעאָל, קענעדע.

עס איז געווען א קורץ בריוועלע, אָבער גענוג צו עפענען איהר די אויגען נאָכדעם ווי זי איז ארומגעגאַנגען א בלינדע אזוי פיעל יאָהרען.

ס'איז געווען א פּאָסטעל קאַרד, וואָס האָט ענטהאַלטען פאָלגענדע צייל

מיין ליעבע מרס. באַראָן: — איך האָב דאָ בעגעגענט דיין מאַן אין מאָנטרעאָל אומגעהן מיט זיין נייע שעהנע ווייבעל, און איך בין ערשטוינט געווען צו הערען פון איהם, אז ער האָט זיך מיט דיר שוין לאַנג גע'גט.

ער האָט מיר אָנגעגעבען פערשיעדענע אורזאַכען, אָבער כ'האָב געזעהן אז ער דרעהט עפּעס צופיעל מיט'ן צונג. שרייב מיר אויף'ן אונטערצייכענטען אדרעס די אמת'ע אורזאַכע, איך וויל עס וויסען אלס דיינע אַן אַלטע חבר'טע פון דער היים. —

דאָס קליינע בריוועלע האָט געמאַכט, אז זי זאָל מיט אמאָל ווי פון א לעטאַרגישען שלאָף ערוואַכען.

— רבונו של עולם! — האָט זיא אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטימע, — פאַר וועמען האָב איך עס מיין לעבען און מיין ליעבע אוועקגעגעבען?

אָבער ניט מעהר! א פרוי קען ליעבען, אָבער זי קען האַסען אויך. פון יעצט אָן און ווייטער, ווייל איך פון איהם מעהר ניט וויסען. מעג ער אפילו קומען און זיך בוקען צו מיינע פיס, האָב איך מיט איהם מעהר קיין געשעפטען ניט.

און זי האָט גענומען דענקען פון דער סצענע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיעלט אין דער לאָבי פון קעפּיטאַל טעאַטער. און פערשיעדענע פראַגען האָבען אָנגעפאַנגען עגבערען איהר מח.

— ווארום איז די מיס וויינגאַרטען אַזוי צומישט געוואָרען, ווען זי האָט מיך דערזעהן געהן מיט איהם? ווארום איז די מיס וויינגאַרטען געפאַלען אין אונמאַכט, ווען זי האָט געהערט ווי ער האָט מיך צו איהר פאָרגעשטעלט אַלס זיין פרוי? האָט זי ביי זיך פעסט אָפּגעמאַכט איהר בעשלוס זי זאָל געהן צו די וויינגאַרטענס און דאָרט אַלעס אויסגעפינען.

דאָס איינציגע וואָס האָט זי צוריקגעהאַלטען איז דער געדאַנק, טאָמער האָבען די וויינגאַרטענס אויסגעפונען אַז זי איז די מוטער פון דעם קינד, און מיס וויינגאַרטען ווייסט אויך דערפון, דאריבער איז זי אַזוי נערוועז געוואָרען, ווען דער מאַן האָט זי פאָרגעשטעלט אַלס די מרס. בּראַון. עס קען זיין, אַז זיי האָבען זי ביז יעצט ארומגעזוכט און ניט געפונען. און דאָס וואָס די מיס וויינגאַרטען איז אין אונמאַכט געפאַלען איז פון איבערראַשונג וואָס דער שאַדען האָט זיך אַליין אָפּגעזוכט, און יעצט וועלען זיי קענען נעהמען און איהר אָפּבריינגען דאָס קינד אַהיים.

דאָס קינד איז געווען דער איינציגער שווערער פלעק וואָס זי האָט געפיהלט אויף איהר נשמה. ווען ניט דיעזער פלעק, וואָלט זי געקענט קוקען דער וועלט גלייך אין די אויגען און ערקלעהרען פאַר יעדען אַז זי וויל ערשט יעצט אָנהויבען לעבען אויף דער וועלט, זי וויל אָפּנעהמען איהר טייל, דעם טייל צו וועלכען יעדער מענש איז בּארעכטיגט.

זי ווייסט ניט אַליין ווי אַזוי דאָס קליינע בריוועלע האָט מיט אַמאָל אויף איהר אַזאַ גרויסע ענדערונג געבראַכט, מעהר ווי אַלעס וואָס זי האָט פון איהר שלעכטען מאַן איבערגעליטען, דורך דיא דרייצעהן יאָהר וואָס זי איז געווען מיט איהם פערהייראַט, אָבער דער פאַקט איז, אַז נאָכדעם ווי זי האָט איבערגעלייענט דאָס דאָזיגע קליינע בריוועלע, אַז איהר מאַן בעריהמט זיך אַז ער האָט זיך מיט איהר גע׳גט, איז ערשט דאַן ארייננעקומען דער געדאַנק, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ זאַך וואָס מ'רופט גט און מען מוז ניט אַ גאַנץ לעבען פערשפּיעלען ווען מען פאַלט אריין אין די הענד פון אַ שלעכטען מענשען.

— פאַר וואָס זאָל עס טאַקע ניט אמת זיין? — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט. — אַז ער זאָגט גע׳גט, זאָל טאַקע זיין גע׳גט.

זי האָט אפילו ניט געוואוסט ווי אַזוי מען קען ארויסקריגען אַ גט, וואָס דערצו איז נויטיג, ווייל זי האָט דערפון קיין מאָל ניט געדענקט, אָבער זי האָט בעשלאָסען, אַז זי וועט זיך ווענען דעם בעראַטהען מיט אַ קלוגען מענשען, וואָס וועט איהר געבען אַלע אינפאָרמיישאָן וואָס זי דאַרף האָבען אום זיך צו בעפרייען פון איהרע אייזערנע קייטען מיט וועלכע זי איז די בעסטע יאָהרע איהרע געווען אַ צוגעשמידעטע אָהן אַ פאַרוואָס.

די גאַנצע מורא, דער גאַנצער שרעק פאַר איהר מאַן, איז מיט אַמאָל פערשוואונדען געוואָרען. אַנשטאַט וואָס אַימער פלעגט זי נור טראַכטען ווי צו יוצא זיין פאַר איהר ארדאָלף, ווי אַלעס צו טהאָן אַזוי אַז ער זאָל זיין צופריעדען, אַז ער זאָל ניט זיין אין כעס און בייז אויף איהר, האָט זי יעצט אָנגעהויבען טראַכטען נור ווי צו טהאָן אַלעס אַזוי אַז זי זאָל זיין צופריעדען, אַז עס זאָל אויסקומען גוט פאַר איהר.

— איך בין ערשט אַלט צוויי און דרייסיג יאָהר, — האָט זי זיך געטראַכט, — ווען איך וועל אַראָפּוואַרפען פון זיך דעם שווערען בארג צרות, וואָס איך האָב אויף זיך אַליין געטראָגען ביז אַהער, און וועל אָנפאַנגען אַ נייעם לעבען, אַ לעבען אָהן זאָרג, אַ לעבען פון געהן אין געזעלשאַפט

פון בעקאנטשאפט מיט נייע מענשען, וועל איך צוריק אלע מיינע קרעפטען געווינען. גענוג געליטען, גענוג אפגעקומען אויף דער וועלט. איך ווייס ניט פאר וואס און פאר וועמען? גענוג צו וועלען יוצא זיין פאר לייטען און אליין ליגען א בעגראבענע ניין איילען אין דער ערד! וואס טהוט דען פאר מיר די וועלט אז איך לייד? און וואס פאר א בעלוינונג האב איך דען געהאט פון דער וועלט אז איך האב מיינע בעסטע יאהרען געליטען און דעם ביסען ברויט פון מיין מויל געריסען צו שפייזען א גיפטיגען שלאנג? ווער איז מיר צו הילף געקומען? ווער האט מיר דען געהאלפען וויינען און קלאגען גאנצע טעג און גאנצע נעכט אין מיינע שווערע ליידען? ווער איז די וועלט פאר וועמען די פיינע, עהרליכע אנשטענדיגע פרוי וויל שטענדיג יוצא זיין — דער רויטער, פרומער באנדיט, וואס שאקעלט זיך און מאכט פרומע העויות ווע מענשען זעהען, און ווען קיינער זעהט ניט איז ער ווי א ברוטאלע חיה פון אירגענד וועלכען געפיהל פון בושה אדער מיטלייד און מענשליכען מאראל — אדער די וועלט איז מר. אדאלף באראן, א פרייער הפקר־יונג, ביי וועלכען קיין זאך איז ניט הייליג און קיין זאך איז ניט טייער, וועלכער געהט ארום אויף דער וועלט און האלט נור אין איין פערדארבען און פערגיפטען אונשולדיגע יונגע נשמות? אה, ניט מעהר וועל איך טרייען צו יוצא זיין פאר דער וועלט! גענוג שוין פאר דער וועלט יוצא געוועזן! איך בין אליין אויך אן עפעס אין דער וועלט, און וועל שוין טרייען צו יוצא זיין פאר זיך אויך אביסעל.

און מיט דיעזע געדאנקען איז זי צום ערשטען מאל ארוים אין סטריט פיהלענדיך זיך א פרייער מענש, צו קיינעם ניט פערקויפט, פריי צו געהן, צו רעדען און צו טהאן וואס פאר איהר וועט זיין געזונדטער און בעסער.

זי האט עפעס געפיהלט א ניי לעבען אין איהר טויטער נשמה.

איהר זינדיגע קינד האט זי שוין מעהר אזוי ניט געפלאגט. איהר געוויסען איז בערוהיגט געווארען דורך דעם געדאנק, אז זי איז ניט שולדיג, אז שולדיג איז אן אנדערער און ווארום זאל זי ליידען פאר זינד וואס שלעכטע מענער בעגעהען? אויב עס איז דא א גאט אויף דער וועלט, זאל ער בעשטראפען די שולדיגע. זאל ליידען דער רויטער געחיימער באנדיט און איהר מאן וואס איז נאך מעהר געפעהרליך ווי יענע העסליכע רויטע חיה וואס קען א מענשען שלעכטס טהאן בלויז איין מאל אין לעבען, וועהרענד דער ספארטישער אדאלף בלייבט נעבען זיינע קרבנות און זויגט פון זיי זייער בלוט יאהרען לאנג און שעהמט זיך גארניט...

מיט אזעלכע און עהנליכע מחשבות האט זי זיך ארומגעדרעהט אין פראנט פון איהר ארימע וואוינונג אין קאנארסיע אין א שבת נאכמיטאג, וועהרענד דער בריעף טרעגער איז צוגעקומען צו איהר און האט איהר דערלאנגט א בריעף.

אנפאנגס האט זי געמיינט, אז דער בריעף איז פון אדאלף׳ן, און זי האט איהם געוואלט צורייסען און אוועקווארפען, אבער אין א סעקונדע האט זי דערזעהן, אז דער בריעף איז ניט פון איהם.

זי האט א קוק געטהאן אויף׳ן אונטערשריפט איז זי א פערציטערטע געווארען.

דער בריעף איז געוועזן פון מרס. פלארא וויינגארטען.

— עפעס נייעס וועגען קינד, — האט זי צו זיך אליין געמורמעלט. — ווי אזוי האט דיעזע גוטע פרוי געקענט געוואהר ווערען וועמענס קינד דאס איז?

און זי איז אריין צו זיך אין צימער און האט גענומען לעזען פאלגענדע ציילען:

מיין ליעבע אונבעקאנטע פרוי,
מרס. אדאלף באראן: —

איך ווייס ניט אויב איהר קענט מיך אדער ניט, איך קען אייך אויך ניט פערזענליך, אבער איך האב מיט אייך עטוואס זעהר וויכטיגעס צו רעדען, און היינט שבת, פינף אזייגער פארנאכט, וועל איך ביי אייך זיין.

פליעז, ווארט אויף מיר, און זאגט אייער מאן ער זאל אויך ווארטען, איך קום מיט נאך א מאן, א זעהר אינטעליגענטער מענש, איהר קענט איהם אויך. ער איז דער בעוואוסטער שריפטשטעלער און דענקער איזראעל לעבמאן. עס האנדעלט זיך אום אייער אייגענעם בענעפיס.

מיט גרויס דרך ארץ, אייערע
פלארא וויינגארטען.

ווען זי האט דעם בריעף ערהאלטען איז געווען פיער אזייגער נאכמיטאג, און זי האט געהאט צו ווארטען בלויז איין שטונדע, דאך האבען זיך די מינוטען אזוי לאנגזאם געשלעפט, אז עס האט זיך אויסגעוויזען אז די שטונדע איז א וואך לאנג.

ענדליך האט זיך דיא שטונדע געענדיגט און פונקט ווען דער אלטער וואנד זייגער אין איהר רום האט געקלונגען פינף, האט זיך דערהערט א קלאפ אין דער טיהר און די צוויי ערווארטעטע געסט זיינען אריינגעקומען.

## אכטצעהנטער קאפיטעל
## דער וועקער פון לעבען

— איך ווארט שוין דא אויף אייך מיט גרויס אונגעדולד, — האט מרס. בראון אויסגערופען א צוטומעלטע ווען זי האט פאר די געסט די טיהר געעפענט און האט זיי אריינגעפיהרט אין איהר וואוינונג וואס איז בעשטאנען פון א בעד רום, וואס האט אויך געדיענט פאר א דייניננג רום, און פון א קיטשען.

דיעזע ביידע רומס האבען זיך געפונען אין א פינסטערען בייסמענט, וואו די גאז האט געמוזט ברענען דעם גאנצען טאג, זאנסט האט דארט געהערשט דיא שטענדיגע נאכט.

אבער וואו מען האט א בליק געווארפען האט מען געזעהן די האנד פון א גרויסע ווירטהין. איבעראל זיינען געווען פערשפרייט ריינע ווייסע פאפירענע נעפקינס. דאס אויוועלע האט געגלאנצט. טעלער און גלעזער זיינען געשטאנען אין א ריינעם אפענעם קלאזעט און האבען געפינקעלט אזוי ריין אויסגעוואשען און אויסגעווישט זיינע זיי געווען.

דער פלאר איז געווען געקאווערט מיט אן אויל־קלאטה, וואס איז געווען אזוי קלין און זויבער, אז מען האט זיך אין איהם געקענט שפיגלען.

דער טיש איז געווען פערשפרייט מיט אן אלטען צולעכערטען טישטוך און אין מיטען איז געשטאנען א גרויסער אפענער באסקעט מיט צוגעשניטענע נעקטאיס.

נאכדעם ווי זי האט אויפגעגעבען דיא שנאפס ביזנעס און אין שאפ האט זיא געפיהלט צו שוואך צו געהן ארבייטען, האט זי גענומען ארבייט אהיים, פיעלייכט וועט איהר די ארבייט אין דער היים ניט פאלען אזוי שווער ווי די ארבייט אין שאפ.

פרוי וויינגארטען און מר. לעבמאן האבען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט בעטראכט דיא פרוי און דיא נעסט אין וועלכער זי געפינט זיך — איהר היים.

— וואו איז אייער מאן? — איז פרוי וויינגארטען געווען די ערשטע צו אנפאנגען רעדען.

— מיין מאן איז ניטא, — האט מרס. בראון געענטפערט מיט אן ערנסטער שטימע.

— ניטא אין דער היים — אדער ניטא אין ניו יארק? — האט פרוי וויינגארטען געפרעגט.

—איך דענק איך זאל פריהער פאר אייך מאכען א גלאז טהעע, — האט מרס. בראון געענטפערט, — נאכהער וועלען מיר רעדען. איך רעכען עס פאר א גרויסען האנאר צו האבען ביי מיר אזעלכע צוויי וויכטיגע מענשען אלס מיינע געסט. פון אייך, מר. לעבמאן, האב איך זעהר פיעל געהערט און זעהר פיעל געלעזען, און אייך, מרס. וויינגארטען, האב איך געוואלט זעהן וועגען א אינטערעסע אין וועלכער מיין גאנצע צוקונפט איז אבהענגיג. אזוי ווי איהר זייט שוין דא. האף איך אז איהר וועט זיך נעהמען צייט און אלעס אויסהערען געדולדיג, דאן וועט איהר מיר קענען געבען א ריכטיגע עצה, ווייל ווי איהר

קוקט מיך אָן ביז איך עלענד ווי אַ שטיין אין דיעזער גרויסער וועלט־שטאָדט, אָהן אַ קרוב און אָהן אַ גואל — און אויב אייער זיין דאָ וועט מיר עטוואָס פער־לייכטערן מיין ביטערען שיקזאַל, וועל איך עס אייך מיין גאַנצען לעבען ניט פאַרגעסען.

מר. לעבמאַן האָט די פרוי געוואַטשט און האָט פון איהר קיין אויג ניט אראָפּ־גענומען די גאַנצע צייט וואָס זי האָט גע־רעדט.

פרוי וויינגאַרטען האָט בעמערקט אַז איהר בעגלייטער וויל פריהער גוט שטו־דירען די פּערזאָן צו וועלכער זי האָט איהם געבראַכט.

— קיין טהעע דאַרף מען ניט מאַ־כען, בעמיהט זיך ניט, — האָט פרוי וויינגאַרטען געזאָגט, — איך און פריינד לעבמאַן זיינען מיר ערשט געווען אין אַ רעסטאָראַנט און האָבען געהאַט קאַפע און קעיק. לאָמיר בעסער זעהן מרס. באַראַן, וואָס איהר קענט טהאָן פאַר מיר און וואָס מיר קענען טהאָן פאַר אייך.

— איך גלויב, אַז איהר וועט מיר פערצייהען, גוטע פרוי, — האָט מרס. באַראַן אָנגעפאַנגען, און איהר שטימע האָט געציטערט ווי אין אַ פיבער. — איך וויל ביי אייך פרעגען, וואָס פאַר געשעפטען האָט אייער טאָכטער געהאַט מיט מיין מאַן, וואָס ווען זי האָט אונז ביידע דערזעהן אין לאָבּי פון קעפּיטאַל טעאַטער, איז זי געוואָרען אַזוי צומישט, אַז זי איז אין אונמאַכט געפאַלען?

— איך וועל אייך גלייך ענטפערען אויף אייער פראַגע, און איך וויל האָפען אַז איהר וועט עס ניט נעהמען פאַר אומ־גוט ווען איך וועל אייך זאָגען, אַז איי־ער מאַן איז אַן אויסוואָורף דער נאַטור. איינמאָל אַ באַנדיט — איז אימער אַ באַנדיט, און ווער ער איז שלעכט בין איך מעהר ווי זיכער אַז ער איז צו אייך אויך שלעכט.

די יונגע פרוי האָט ארויסגעלאָזט אַ שווערען, האַרצרייסענדען זיפץ, און האָט געשוויעגען צו הערען וואָס דיאַ פרוי וויינגאַרטען האָט צו דערצעהלען וועגען די פערהעלטניסע צווישען איהר טאָכ־טער און דעם שלעכטען מאַן, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט נור צו טהאָן שלעכטעס.

— ווי לאַנג זיינט איהר שוין מיט אייער מאַן פערהייראַטה? — האָט פרוי וויינגאַרטען געפרעגט.

— דרייצעהן יאָהר.

— האָט איהר עפּעס קינדער?

— ניין, — האָט זי געענטפערט, און אַ מאָדנע בלאַסקייט האָט זיך אויף איהר געזיכט בעוויזען.

— איז אייער מאַן געווען אין יוראָפּ צוויי יאָהר צוליעב זיין געזונדהייט?

— יאָ.

— וואו האָט ער דאָרט דערווייל גע־נומען געלד, וואָס ער האָט געמוזט האָ־בען אין אַ פרעמדע לאַנד אויף דער הוצאה?

— איך האָב געאַרבייט מיט'ן ביטע־רען שווייס און האָב איהם געשיקט צעהן דאָלאַר יעדע וואָך.

— ווייסט איהר, אַז מיין מיידעל, בעללאַ, האָט נעבאַך אויך געאַרבייט שווער און ביטער און האָט איהם גע־שיקט צעהן דאָלאַר אַ וואָך?

— דאָס ווייס איך ניט, — האָט מרס. באַראַן געענטפערט איבערראַשט. — איך הער דאָס צום ערשטען מאָל. פאַר וואָס האָט זי איהם געשיקט געלד?

— ווייל זי האָט איהם געגלויבט, וואָס ער האָט איהר געזאָגט, אַז ער אַ סינ־געל־מאַן, און אַז ער וועט מיט איהר הייראַטען, באַלד ווי ער וועט אהיים קו־מען.

— איז ער מיט איהר געווען לאַנג בעקאַנט?

— יאָ, אַ היבשע צייט איידער ער איז אָפּגעפאָהרען נאָך יוראָפּ. ער האָט איהר איינגערעדט פערשיעדענע גליקען, האָט פון איהר איהר גאַנצע געלד אויסגע־זאָקט און פערגעמבעלט. ער האָט פון איהר געמאַכט אַ צובראָכענעם שאַרבען, און צו לעצט איז ער געקומען אהיים צו־ריק און האָט זיך פון איהר בעהאַלטען.

זי האָט אפילו ניט געוואוסט, אז ער איז צוריק געקומען. זי האָט געקראָגען צוריק דריי צעהנערלאך, וואָס זי האָט איהם געשיקט, ווען ער איז שוין מעהר אין קארלסבאַד ניט געווען. זי האָט גע־וויינט און געקלאָגט מיינענדיג אז ער איז דאָרט זיכער געשטאָרבען, און איהר קענט זיך פאָרשטעלען איהר ערשטוי־נונג, ווען זי האָט דעם באנדיט פּלוצים דערזעהן אין לאבי פון קעפּיטאל טעאַ־טער, וועהרענד ער איז צוגעגאנגען מיט דער קאלטבלוטיגקייט פון א קאלטען גזלן און האָט אייך צו איהר פאָרגעשטעלט אלס זיין פרוי, און זי צו אייך האָט ער פאָרגעשטעלט אלס זיינע אן אלטע בע־קאנטע. מ'האָט זי דאן געבראכט אהיים אין א טעקסי און זי איז אָפּגעלעגען דריי וואָכען אין בעט א קראנקע, און ביז היינטיגען טאָג איז זי נאָך צו איהרע קרעפטען ניט געקומען. איך האָב דאָס געוואָלט פרעגען ביי אייער מאן, וואָס האָט ער געהאט צו מיין קינד? ווארום האָט ער אן אומשולדיגע גוטע נשמה גע־נומען און אין שטיקער צופליקט? וואו איז ער ערגעץ? וואו איז אייער מאן, איך וויל איהם פרעגען וואָס האָט ער געוואָלט האָבען פון אונזער לעבען?

ביידע פרויען האָבען זיך גענומען ווי־שען די אויגען. עס האָט געוויינט א מאמע פון צרות פון א קינד, און א פרוי פון אייגענע צרות...

— וואו איז אייער מאן? — האָט די מאמע ביטער געיאָמערט, — איך וויל ביי איהם פרעגען ווי אזוי האָט ער גע־נומען מיין קינד'ס חיילינגע ליעבע און מיט זיינע שמוציגע פיס צוטרעטען צו־זאמען מיט איהר יונגעס הערץ? וועט ער באלד קומען?

קוים וואָס די יונגע פרוי האָט געקענט איהרע פיס שלעפּען, איז זיא אויפגע־שטאנען, איז צוגעגאנגען צו דער אלטער ביורא און האָט פון דאָרט גענומען דאָס פּאָסטעל־קארד, וואָס זי האָט געקראָגען פון איהר לאנדס־פרוי אין קענערע, און האָט עס דערלאנגט דער פרוי אין האנד אריין מיט די ווערטער:

— לעזט! — האָט זי אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטימע, — לעזט, און איהר וועט מיין גאנצע הארץ פערשטעהן און וויסען אז איך בין נאָך א גרעסערער קרבן, ווי אייער קינד איז געווען. פון איינער און דער זעלבער פערזאָן...

און וועהרענד פרוי וויינגארטען האָט גענומען לעזען דאָס קליינע בריוועלע, האָט די מרס. בארא אנגעהויבען דער־צעהלען די גאנצע טרויעריגע געשיכטע פון איהר פינסטערען לעבען מיט איהר מאן, און מר. לעבמאן האָט אלעס אויס־געהערט, און ווען זי איז פערטיג גע־וואָרען, האָט ער דאן גענומען דאָס וואָרט און האָט אזוי געזאָגט:

— איך האָב געהערט טאלעס וואָס איהר האָט דאָ דערצעהלט. פון אייערע ווערטער פערשטעה איך, אז איהר האָט נאָך געליטען פיעל מעהר ווי איהר האָט אונז דאָ איבערגעגעבען. איך בין א מענש וואָס איך גלויב אין היינט און אין מאָרגען, דעם נעכטען וויל איך ניט געדענקען און וויל איהם ניט דערמאָה־נען. דאָס זעלבע, גוטע פרוי, ראטה איך אייך צו טהאָן. פערגעסט אָן אלעס וואָס איז ביז יעצט געווען, און פאנגט אָן איי־ער לעבען פון היינט אָן. איהר זאָלט מיר ניט זאָגען אז איהר קענט ניט, אז איהר וויסט ניט ווי צו לעבען, אז איהר זיינט ארים און עלענד און שפל און שוואך — דאָס זיינען בלויז תירוצים פאר קינדער, אָדער פאר דער אמאָליגער פרוי, וואָס האָט די וועלט ניט פערשטאנען און איז מיט אלעס געווען אבהענגיג פון איהר מאן, איהר איינציגע געוועהר געגען מאן'ס ברוטאליטעט איז געווען טרעהרען — יעצט איז דיעזע מעטאָדע איז גאנצען אָפּגעשאפט געוואָרען. איהר האָט דיא גאנצע צייט געהאנדעלט ווי א מאן. איהר זיינט געווען דער ברויט־געבער, איהר האָט געשפּייזט און געקליידט אייער מאן, וועהרענד ער האָט פאר אייך גאָרניט גע־טהאָן. איהר האָט אלע יאָהרען וואָס איהר האָט מיט איהם "געוואוינט" גע־וואוסט, אז ער איז קליינליך, פאלש, שלעכט, ביטרע און ער וועט קיינמאָל בעסער ניט ווערען — איהר וואָלט גע־דארפט געווען אנטלויפען פון איהם א

סך פריהער, ניט ווארטען ביז ער וועט פון אייך אנטלויפען — אבער וואס עס איז געווען איז פערפאלען. יעצט איז די חעכסטע צייט געקומען איהר זאלט מיט איהם אפשלאגען כפרות פאר אי־מער. איהר זיינט ניט מעהר זיין פרוי — און א סוף!

— איך בין דאך אבער יא זיין פרוי?

— האט זי איהם אונטערבראכען. — איך קען דאך ניט געהן הייראטען מיט אן אנדער מאן, ביז איך וועל פון איהם ארויסקריגען א גט?

— וואס האט איהר קיין צייט ניט חתונה צו האבען! — האט מר. לעבמאן אויסגערופען מיט אן ערנסטע שטימע.

— טויטע מענשען האבען ניט חתונה. יעצט זיינט איהר א טויטער מענש, אהן לעבען און אהן לוסט. קודם פאנגט אן לעבען אביסעל. זארגט ניט, ערגערט זיך ניט. זאל ער טהאן וואס ער וויל — פאקטיש איז ער שוין ניט אייער מאן, ער איז עס קיינמאל ניט געווען. איהר האט אייער ליעבע ארויסגעווארפען און ס'איז געפאלען אויף א זומפיגען פלאץ. פאנגט אן לעבען און צוזאמענקלייבען אלע פונקען פון ליעבע וואס זיינען נאך ביי אייך אין דער נשמה געבליעבען — דאס דארף געהמען צייט, ביז עס וועט קומען די געלעגענהייט און איהר וועט זיך צוזאמענטרעפען מיט איינעם וואס וועט בעגרייפען אייער ווערטה און איי־ערע מעלות.

— און ביז דאן וואס זאל איך דער־וויל טהאן? — האט זי געפרעגט. — איך מוז דאך ארבייטען שווער פיר מיין ברויט, — איך קום ניט אין ערגעץ; איך געה ניט אין ערגעץ, איך זעה קיי־נעם ניט, קיינער זעהט מיך ניט — היינט ווי קען מיין הילף קומען — פון וואנען?

מר. לעבמאן האט גערענקט איינינע מינוטען, ער האט געטראכט וואס פאר אן עצה מען קען אזא פרוי געבען אין אזא קריטישען צושטאנד, אן עצה וואס זאל זיא ווירקליך קענען ארויספיהרען אויף א וועג וואס פיהרט צו לעבען.

ענדליך האט זיך א צופריעדענע מי־נע געצייגט אויף זיין געזיכט, ווי ער וואלט געפונען דאס וואס ער האט גע־זוכט.

— מיין ליעבע פרוי בארא‍ן, — האט ער זיך געווענדעט צו איהר, — איידער איך וועל אייך ערקלעהרען מיין פלאן, וואס איך האב פאר אייך, מוז איך אויך בעפאר רעדען א פאר ווערטער מיט פרוי וויינגארטען פריוואט. איך וועל מיט איהר ארייגעהן אין צווייטען צימער אויף א פאר מינוטען — —

— איהר דארפט זיך ניט בעמיהען, — האט זי איהם געזאגט, — מיין צווייטע רום איז די קיטשען, איך וועל ארייגעהן אהין און איהר וועט דא קע־נען רעדען וואס איהר ווילט.

און ניט ווארטענדיג אויף בעשטעטי־גונג, איז זי אוועק אין קיטשען און האט געלאזט איהרע צוויי געסט אליין.

מיט פינף מינוט שפעטער האט מר. לעבמאן די פרוי צוריק אריינגערופען, האט זי געבעטען זיצען און האט גלייך אנגעפאנגען ערקלעהרען זיין פלאן.

— מיין עצה איז, — האט ער גע־זאגט, — איהר זאלט פון דאנען ארויס־מופען. איהר דארפט יעצט ניט האבען קיין רומס פאר זיך אליין. פרוי וויינ־גארטען וועט אייך נעהמען צו איהר אין א רום, זי וועט אייך רעכענען אזוי בי־ליג, אז איהר וועט די ערשטע צייט ניט דארפען שווער ארבייטען פיר אייערע לעבענסמיטעל. איהר וועט צו איהר זיין ניט ווי א באָרדערקע, נור ווי א קאמ־פאניאן — וואו זי וועט געהן וועט איהר אויך געהן, איהר וועט געהן צו־זאמען צו מיטינגס, צו קאנצערטען, צו באנקעטען. מרס. וויינגארטען איז ביזי יעדען אבענד מיט אזעלכע טשאריטי שמחות; און דאס וועט אייך געבען די געלעגענהייט זיך צו בעקאנען מיט פרי־שע מענשען, איבערהויפט מיט דער קלאסע מיט וועלכער פרוי וויינגארטען איז בעקאנט — מיט א בעסערע קלאסע מענשען, און דאס וועט אייך פיהרען צו א בעסערען און צו א אינטערעסאנטע־רען לעבען ווי איהר האט ביז יעצט גע־האט, און שפעטער ערשט ווען איהר וועט

ביי זיך אליין פיהלען מעהר לעבען און מעהר לוסט צום לעבען וועט איהר ערשט דאן אנהויבען דענקען וועגען א תכלית.

— איך האב מורא, — האט מרס. באראן געשטאמעלט, — אז דאס וועט זיין צופיעל בארער און צופיעל טראבעל פאר מרס. וויינגארטען.

— ווארום ?

— ווייל זי מוז אטענדען צו איהרע אייגענע קינדער.

— איהרע קינדער זיינען אלע ערוואקסענע און קענען זיך אליין אטענדען, דאס זעלבע איז מיט אייך, איהר וועט זיך קענען אליין אטענדען, און אין דיא אבענדען ווען איהר וועט זי בעגלייטען צו איהרע מיטינגען און וועט מיט איהר געהן איבעראל וואו זי וועט געהן, וועט עס זיין אנגענעהם פאר איהר, ניצליך פאר אייך און קיין בארער פאר קיינעם.

— און וואס איז מיט — — האט זי אנגעפאנגען און ניט געענדיגט.

— זאגט, זאגט, שעהמט זיך ניט, איך גלייך אז מען רעדט פאר מיר אלעס אפען. דאס זעלבע גלייכט אויך פרוי וויינגארטען, אז איהר האט אנגעפאנגען עפעס זאגען זאלט איהר עס ענדיגען.

— איך האב געוואלט זאגען, — האט זי געשטאמעלט — אז די פרוי וויינגארטען האט דאך אין הויז א קינד וואס מען האט איהר אונטערגעווארפען ביי איהר טיהר, ווי איך האב אמאל געלעזען אין די צייטונגען ?

## 20טער קאפיטעל
## פנים לפנים מיט'ן מלאך המות

— אה, וועגען דעם געפונענעם קינד ווילט איהר וויסען ? — האט מר. לעבמאן געזאגט מיט א פריינדליכער מינע, — דאס קינד איז ניט ביי פרוי וויינגארטען, איך האב דאס קינד גענומען צו מיר און האב עס אדאפטירט פאר מיין אייגען קינד.

— עס מוז שוין זיין א פיין קינד, — האט זי געשטאמעלט, און איהר מוטער הערץ האט אין איהר פעסטער אנגעפאנגען צו קלאפען.

— אביסעל א ווילדער, א שרייער, איך רוף איהם דער רויטער מזיק'ל, איך האף אז ווען איך וועל נור לעבען וועל איך איהם געבען א פיינע ערציהונג און ער וועט אונטער מיין פערזענליכע אויפפאסונג אויסוואקסען א פיינער מענש, אזוי אם ווענינגסטען האף איך.

— מיך רופט ער מאמא און מר. לעבמאן'ען רופט ער פאפא, — האט זיך פרוי וויינגארטען אריינגעמישט אין געשפרעך מיט א געלעכטער. — איך האב נאך אזא רויטען מזיק'על ניט געזעהן. ברענגסט דו איהם עפעס, קענדי אדער א שפיעלכעל טהוט ער דיך א קוש, קוים קומסטו צו איהם מיט ליידיגע הענד, וויל ער אויף אייך אפילו קיין קוק ניט טהאן. איך קום יעדען אנדערען טאג איהם זעהן, איך האב זיך צו איהם אזוי צוגעוואוינט, אז איך גלייך איהם ווירקליך, און איך זאג נביאות, אז ווען ער וועט אויסוואקסען וועט ער זיין א לאיער, ווייל נור ער קוקט אייך אין האנד אריין.

— דאס דערמאנט מיר אן דער געשיכטע, — האט מר. לעבמאן בעמערקט, — מיט יענעם אידען וואס האט געוואלט וויסען פאראויס וואס פון זיין קינד וועט ווערען, ווען ער וועט אויפוואקסען. ער האט גענומען דיא בייבי און האט זיא אוועקגעזעצט אויפ'ן פלאר אין מיטען צימער און ער האט נעבען דעם אוועקגעלייגט א ביבעל, אן עפעל און א דאלאר.

לאזענדיג דאס קינד אליין מיט די דאזיגע זאכען אויף עטליכע מינוט, האט ביי זיך דער פאטער געטראכט אזוי :

וועט דאס קינד נעהמען די בייבעל אין האנד וועט ער זיין א רב ; וועט ער נעהמען דעם עפעל וועט ער זיין א פארמער און אויב ער וועט נעהמען דעם זילבערנעם דאלאר וועט ער זיין א ביזנעסמאן.

אין צעהן מינוט ארום, ווען דער פאטער איז אריינגעקומען אין צימער זעהן די צוקונפט פון זיין קינד, איז ער ערשטוינט געווארען.

דער באיטשיקעל האט זיך ספראוועט מיט אלע דריי זאכען מיט אמאל. אויף

דער ביבעל איז ער געזעסען, אין איין האנד האָט ער געהאלטען דעם עפעל, און אין דער צווייטער האנד האָט ער געהאלטען דעם דאָלאר.

— אויב אזוי, מיין קינד, — האָט דער פאָטער אויסגערופען, — וועסטו זיין א לאָיער!

— יא, פריינד לעבמאן, אברהם'לע וועט זיין א לאָיער לויט אלע סימנים וואָס איך מערק אין איהם, — האָט פרוי וויינגארטען בעמערקט מיט א ליעבליכען שמייכעל, און נאכהער האָבען זיי אראנזשירט אלעס וועגען מרס. באראָן'ס אריבערמופען — און פון דיא צוויי טרייע און אמת'ע פריינד זיינען דריי געוואָרען.

דריי פערוואונדעטע, צואוועהטאָגטע הערצער וואָס האָבען געזוכט ליעבע און לעבען.

פרוי וויינגארטען האָט דערצעהלט דער פרוי די גאנצע געשיכטע ווי אזוי איהר מאן האָט פערגיפטעט דאָס יונגע לעבען פון איהר טאָכטער בעללא. מרס. באראן האָט אין דעם ניט געצווייפעלט, זי האָט געוואוסט אז איהר מאן איז פעהיג אויף אלעס, זי איז דערפאר ניט געוואָרען בייזער אויף איהם, און מעהר איז זי ניט געוועזען אויפגערעגט, קוים איז ער שוין מעהר ניט איהר מאן, צו וואָס זאָל זי זיך ערגערען איבער זיינע געמיינהייטען?

איהר בעשלוס איז געוועזען פעסט, אז זי זאָל מיט איהם מעהר ניט לעבען, ווען ער זאָל אפילו קומען איהר צו די פיס פאלען און זיך שלאָגען אין הארצען "על חטא".

זי האָט אין הארצען נאָר געפיהלט שטארק צופריעדען וואָס די פאסירונג פון קעפיטאָל טעאטער איז געוועזען צוליב איהר מאן'ס א לינקע ליעבע וואָס ער האָט מיט מיס וויינגארטען אָנגעפיהרט.

ווייל זי האָט זיך געשראָקען טאָמער איז נאָר בעללא אזוי צומישט געוואָרען ווייל מען האָט ביי זיי אין הויז ערפאהרען ווער די מאמע איז פון'ם אונטערגעוואָרפענעם קינד, און אזוי ווי זי האָט דערזעהן דער מאן און פרוי צוזאמען און האָט עפעס געוואָלט זאָגען און ניט געקענט, איבער'ן מאן, דאריבער איז זי צוטומעלט און צומישט געוואָרען און דאָס האָט זי געבראכט צו פאלען בעוואוסטלאָז.

איין מאָל האָט זי זיך זאָגאר פארגעשטעלט אין די געדאנקען, אז דער מאן ווייסט שוין אויף די גאנצע געשיכטע מיט'ן קינד, דאריבער איז ער אוועק — אָבער דער בעזוך פון פרוי וויינגארטען האָט פון איהר יעדען פערדאכט אוועקגענומען און זי האָט געפיהלט, דאָס הארץ האָט איהר געזאָגט, אז זי האָט אין דיעזע צוויי גוטע מענשען, אין מרס. וויינגארטען און מר. לעבמאן געפונען די בעסטע פריינד וואָס זי האָט אין איהר לעבען געהאט, און זי וועט שוין מעהר ניט זיין אזוי עלענד און איינזאם אין דער גרויסער וועלט.

אום אז זי זאָל פאר אזעלכע פריינד קיין סודות ניט האָבען זי זאָל זיי קענען קוקען אין פנים אריין מיט אָפענע אויגען האָט זי בעשלאָסען, אז נאָכדעם ווי זי וועט מיט זיי ווערען מעהר בעקאנט און זייער פריינדשאפט וועט ווערען ריכטיג אינטים, וועט זי דאן פאר זיי אויפדעקען איהר גרויסע געהיימנים וועגען דער בייבי. זי וועט זיי דערצעהלען דעם גאנצען אמת, אז זי איז די מוטער פון דעם קינד, זי וועט זיי אויך דערצעהלען די גאנצע געשיכטע ווי אזוי עס איז פאָרגעקומען — און זיי וועלען זיך ניט וואונדערען ווארום זי ווייסט ניט ווער דער באנדיט, דער פאָטער פון קינד איז.

איין זאך איז זי זיכער, אז ווען זי זאָל איהם זעהן וואָלט זי איהם דערקענט. זיין בעוואקסענער פנים — זיין רויטע באָרד — זיינע גרויע קאצענע אויגען — זיינע גראָב! לאפעס — אָה, זי וואָלט איהם דערקענט אפילו אָפגעשונדענערהייט, האָט זיא געטראכט, און האָט ביי זיך אליין אָפטמאָל געפרעגט די פראגע ווי דארף זי, אָדער ווי וועט זי האנדלען ווען זי וועט זיך פלוצים מיט איהם ערגעץ בעגעגענען?

איהר גראדער פערשטאנד האָט איהר דיקטירט, אז ווען זי וועט איהם אמאָל

ערגעץ דערזעהן, זאָל זי זיך ניט מאכען וויסענדיג. סקאנדאלען וועלען נאָך פּיהרען צו גרעסערע סקאנדאלען — און וועמען קען עס ברענגען גוטעס? קיינעם ניט!

אינטערעסאנט צו וויסען, האָט זי געקלערט, אויב ער וועט זי גאָר אין גאנצען דערקענען אמאָל, ווען ער וועט זיא דערזעהן?

— איך בין זיכער אז ניין, — האָט זי זיך אליין געענטפערט. — אזעלכע מענער זיינען ווי ווילדע חיות. זיי דערפיהלען זייער נאטירליכע ליידענשאפט אָהן אירגענד וועלכען געפיהל פון ליעבע אָדער פריינדשאפט זאָגאר. וואָס אארט עס די חיה ווער און וואָס און ווי די ליידענשאפט איז געשטילט געוואָרען — איהר הערט דאריבער פון מענער וואָס האָבען בריליאנטענע פרויען, שעהנהייטען און וועלכע עס איז זיך ווירקליך צו פערליעבען אין יעדעס גליעד וואָס זיי פערמאָגען — פרויען וועמענס שמייכעל בעזיצט גאנצע וועלטען מיט חן און ליעבליכקייט — און זייערע מענער זיינען אזוי פערזונקען אין זייער פּראָסטקייט און אין זייער איינפאכער, נידעריגער טהירישער ליידענשאפט, אז ביי זיי איז רעכט, מיט די זעלבע ליפּען וואָס זיי קושען זייערע ריינע, ליעבליכע פרויען צו קושען די העסליכע ניגערטע וואָס סקראָבעט ביי זיי די פלאָרס. זיי קוקען ניט, זיי דענקען ניט, זיי טראכטען ניט — ווי קומען ווילדע חיות צו דענקען אמאָל?

און מרס. בעראן איז דאריבער געוועזן אזוי גוט ווי זיכער, אז דער באנדיט וואָס האָט זי אזוי ברוטאליש געשענדעט געדענקט אפילו ניט ווי זי האָט אויסגעזעהן און ער וואָלט זי זיכער ניט דערקענט ווען ער זאָל זי ערגעץ בעגעגענען אין סטריט.

דענקענדיג וועגען דיעזע אלע זאכען וואָס האָבען אין געהיים איהר נשמה געמאטערט, האָט זי אם ענדע בעשלאָסען, אז ווען די צייט וועט קומען און זי וועט אויפדעקען איהר געהיימנים פאר איהרע נייע צוויי פריינד, וועלען זיי שוין איהר דאן ערקלעהרען ווי צו האנדלען ווען זי זאָל קומען אין אזא פערלעגענהייט.

ווען מרס. בעראן האָט אריינגעמופט צו די וויינגארטענס איז דאן מר. וויינגארטען ניט געוועזן אין דער היים. ער האָט זיך צוקריעגט מיט דער פרוי איבער איהרע קהל'ישע מיטינגען און איז אוועקגעפאָהרען אין באָסטאָן צו א פערהייראטהער טאָכטער.

געהייסען האָט עס פאר די קינדער, אז ער האָט זיך מיט איהר צוקריעגט דערפאר וואָס זי געהט אלע נאכט צו סאָסייעטי מיטינגען און קומט אהיים שפּעט, אָבער די אמת'ע אורזאכע פון זיין כעס אויף איהר איז געוועזן דאָס וואָס ער האָט די לעצטע צייט בעמערקט איהר מורא'דיגע קאלטקייט צו איהם.

איבערהויפּט האָט ער דיא קאלטקייט איהרע בעמערקט זייט זי איז געוואָרען אזוי נאָהענט בעפריינדעט מיט מר. לעבמאן.

ווען ער פלעגט זי וועלען אָנריהרען ביים לייב פלעגט זי מיט שרעק און מיט עקעל פון איהם אנטלויפען. וויפיעל תירוצים עס זיינען נור דאָ אין דער וועלט האָט זי זיי אָפּגעזוכט און איהם געגעבען אלס עקסקיוז, אבי ער זאָל ניט קומען אין נאָהענטע בעריהרונג מיט איהר.

מר. וויינגארטען האָט געברענט ווי א פייער, די חיה אין איהם האָט שטענדיג געבושעוועט, און וואָס מעהר ער האָט עס ארויסגעצייגט, אלץ גרעסער איז איהר שנאה צו איהם געוואקסען.

זי האָט איהם ניט געהאסט. זי האָט איהם קיין שלעכטעס געוואונשען. זיא האָט איהם בלויז פיינד געהאט. זי האָט זיך ניט געקימערט אויב ער שילט זי, אָדער ער לויבט זי. זיינע קללות און זיינע ברכות האָבען ביי איהר ביידע געהאט איין פּנים.

אום מעהר צו פערפעסטיגען איהר אָפּגעזונדערטקייט פון איהם האָט זי אוועקגעשטעלט ביי זיך אין בעד־רום נאָך א בעט פאר איהרע צוויי מיידלאך צו שלאָפען, און די דאָזיגע אָנצוהערעניש איז שוין פאר איהם געוועזן צופיעל. ער האָט

דאן ביים עסען אלע טעלער צובראָכען, געשריען, געליארעמט, געקערט די וועלט און זי האָט איהם אפילו קיין וואָרט ניט געענטפערט.

אום זי אָנצולערנען, זי זאָל וויסען אז א אידישע טאָכטער טאָר אזא זיך ניט טהאָן איז ער אוועקגעפאָהרען קיין באָסטאָן צו זיין עלטסטער אויסגעגעבענער טאָכטער, און האָט גערעכענט אז ער וועט ניט זיין אין דערהיים א חודש אָדער צוויי, און ער וועט איהר ניט געבען קיין געלד אויף דער הוצאה, וועט דאָס זיא ברענגען אביסעל צוריק צו די געדאנקען, און זי וועט פערשטעהן, אז א מאן איז א מאן, און אז מיט א מאן טאָר מען ניט מאכען אזעלכע מאָנקי ביזנעס ווי זי פּראוועט מיט איהם.

מר. וויינגארטען האָט אָבער געמאכט א גרויסען מיסטייק אין זיין רעכענונג.

ווען ער איז אוועקגעפאָהרען, האָט די מרס. וויינגארטען פרייער אויפגעאָטעמט..

עס איז ניטאָ קיין גרעסערע שטראָף אויף דער וועלט ווי צו זיין אין איין הויז מיט א מאן וועלכען מען האָט פיינד, און וועלכער קומט צו אייך שטענדיג מיט טענות.

זי און איהר באָרדערקע זיינען ביידע געגאנגען צו אלע פערזאמלונגען און קאָנצערטען וואָס האָבען געהאט עטוואָס מענשליכע אינטערעסע. ביי די מעהרסטע פון דיעזע פערזאמלונגען איז מר. לעבמאן געוועזען רעדנער אָדער לעקטשורער, און איבעראל האָט מען איהם עמפּפאנגען ווי מען עמפּפאנגט א פּרינץ.

פרוי וויינגארטען האָט זיך געפיהלט שטאָלץ וואָס אלע ווייסען אז מר. לעבמאן איז איהרער א אינטימער פריינד. ווען זי איז אמאָל געקומען צו א מיטינג אָהן מר. לעבמאן, פלעגט מען ביי איהר פרעגען: וואו איז מר. לעבמאן, און ווען ער פלעגט אמאָל קומען אליין פלעגט מען ביי איהם פרעגען וואו איז מרס. וויינגארטען? און זיי זיינען שוין אזוי געוואוינט געוועזען צו הערען אזעלכע פראגעס, אז זיי האָבען זיך שוין גאָרניט געוואונדערט דארויף. די וועלט האָט זיי געהאלטען פאר א גלייכע פּאָר פּאָלקאָטש אין דער ווירקליכקייט האָט צווישען זיי עקזיסטירט בלויז פריינדשאפט. פריינדשאפט פון העכערען סאָרט. פריינדשאפט צומישט מיט שוואכע האָפנונג, אז פיעלייכט וועט דער שיקזאל אזוי פיהרען, אז זיי וועלען אמאָל קענען זיין, ווערען עטוואָס מעהר וויא בלויז פריינד.

דערווייל האָבען זיי קיין חשבונות נעזוכט. זיי האָבען געפיהלט זיי קענען פון קיין זאך ניט הנאה האָבען אין לעבען נור אז זיי זיינען ביידע צוזאמען. דאריבער זיינען זיי געגאנגען צוזאמען צו מיטינגען, זיינען געפאָהרען צוזאמען שפּאַצירען, געגאנגען צוזאמען אין טעאטער, און רעסטאָראנט, זאָנסט האָבען זיי קיין שום פערגעניגען ניט געפונען. אז זי איז ערגעץ געקומען און האָט איהם ניט געפונען, אז ער איז ערגעץ געקומען און האָט זי ניט געפונען, פלעגען זיי זיצען אָהן חשק א פיערטעל אָדער א האלבע שטונדע און אוועקגעהן.

די ליעבע צווישען מר. לעבמאן און פרוי וויינגארטען איז געוועזען פיעל גרעסער און פיעל שטארקער ווי די ליעבע צווישען יונגע לייט. עס האָט ניט נעגעבען א פלאקער און אויפגעהערט, נור עס האָט שטענדיג געברענט אין איין מאָס, און דער פייער איז געוועזען ווי פון אן עלעקטרישען לאָמפּ, וואָס גיט מיטעלע ווארימקייט, גרויסע ליכט, און בריהען און שעדיגען קען עס קיינעם ניט. זיי האָבען מיט געדולד געוואוּרט אויף דער געלעגענהייט צו קומען, און זאָל די געלעגענהייט קיינמאָל ניט קומען, איז דיא פריינדשאפט אליין ביי זיי געוועזען גענוג פלעזשור אין זייער לעבען.

די יונגע מרס. באראָן, וועלכע איז אם מעהרסטען נעגאנגען מיט זיי און האָט בעזוכט כמעט יעדען וויכטיגען מיטינג האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען גאָר אן אנדער מענש, זי האָט געקראָגען פיינע בעקאנטשאפט, פלעגט אנטייל נעהמען אין פערשידענע דעבאטען ביי פערזאמלונגען און האָט זיך ארויסגעצייגנט צו זיין זעהר א קלוגע פרוי, זי האָט מיט

איהר שארפען פערשטאנד און מיט איהר גוטען כאראקטער צוגעצויגען צו זיך מא־סען פריינד און אנהענגער. איבערהויפט האט זיך אין איהר גענומען אינטערע־סירען א געוויסער לאיער, מיט'ן נאמען בענדזשאמין שטיינהארט.

לאיער שטיינהארט איז געווען א העכסט געבילדעטער מאן, זעהר קלוג, גוט און אין די אנשטענדיגקייט אליין.

ער איז געווען א מאן פון א יאהר פער־ציג. ווען ער איז אלט געווען פינף און צוואנציג יאהר איז ער דורכגעפאלען אין ליעבע, און ער האט כמעט ווי בעשלא־סען, אז ער זאל מעהר וועגען ליעבע און הייראטה ניט דענקען. זיינע בעקאנטע האבען איהם גערופען דער אלטער בחור. און ער האט זיך פון דעם גארניט געפי־נען בעליידיגט.

— בעסער, — האט ער געזאגט, — צו זיצען א בחור דאס גאנצע לעבען, איידער צו הייראטהען אהן ליעבע.

און די גאנצע צייט האט ער קיין איינ־ציגע פרוי ניט בעגעגענט צו וועלכער זיין הארץ זאל איהם ציהען. ער אליין האט שוין געדיינקט, אז ער וועט מעהר קיינמאל ניט ליעבען און ער וועט שוין שטארבען א סינגעלמאן.

ער איז געווען א וואהלהאבענדער מאן. מען האט איהם געשאצט אין א פופציג־זעכציג טויזענד דאלאר, און דאצו איז ער געווען אן אנערקענטער כלל טהוער. און האט זעהר פיעל געטהאן פאר טשא־ריטי.

ער איז געווען א גוטער בעקאנטער פון פרוי וויינגארטען און פון מר. לעבמאן און זיי האבען איהם אויך געמאכט בע־קאנט מיט מרס. באראן.

ווען איהר פרעגט ביי איהם אליין וואלט ער אייך אסור געקענט זאגען פאר וואס די מרס. באראן האט צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט מעהר ווי אלע הונדערטע פרויען מיט וועלכע ער האט זיך די גאנצע צייט בעגעגענט, אבער דער פאקט בלייבט, אז זי איז איהם אזוי גע־פעהלען געווארען, אז ווען ער האט זיך מיט איהר צום דריטען מאל בעגעגענט, האט ער זי געלאדען אין אפערא, האט זי ארויסגענומען צו סאפער פיר א גוד טיים, און אין דער צייט פון איין מא־נאט, האט ער איהר פערשאפט פיעל מעהר פלעזשור ווי זי האט געהאט פאר איהר מאן די גאנצע דרייצעהן יאהר וואס זי איז מיט איהם פערהייראטה.

זי האט ערשט יעצט גענומען בעגריי־פען די זיסקייט פון זיצען נעבען א מאן וואס רעדט צו איהר מיט אמת'ע ליעב־שאפט. זיינע ווערטער האבען איהר אין די אויערען געקלונגען ווי זיסע מוזיק.

זי האט געפיהלט אז זי האט געקרא־גען אן אמת'ען הארצפריינד. און זי איז פון טאג צו טאג לעבהאפטער, שעהנער און בליהענדער געווארען.

איין מאל אין אן אבענד ווען לאיער שטיינהארט איז געזעסען מיט מרס. בא־ראן אין טעאטער איז גראדע דאמאלס פארגעקומען אויף'ן סטיידזש א חופה און ווען דער חתן האט אריינגעפיהרט די כלה אונטער די הענד צו דער חופה, האט ער זיך געווענדעט צו איהר און אנגענומען איהר ארם און האט איהר געזאגט:

— איך דענק, אז מיר זאלען אין קור־צען טהון דאס זעלבע.

— איך וואלט עס געוויס אויך גע־וואלט — האט זי געשטאמעלט, — איך וואלט עס געהאלטען פאר'ן העכסטען גליק פון מיין לעבען, ליידער קען איך עס נאך ניט טהאן.

— ווארום טהייערע?

— אויב איהר ווילט וויסען ווארום, בעט איך אייך איהר זאלט זיין אזוי גוט קומען מארגען אבענד צו די וויינ־גארטענס, דארט וועט זיין מר. לעבמאן אויך, און זיי וועלען אייך אלעס ער־קלעהרען. על פי יושר, און נאך אלע פרינציפען פון מענשליכען מאראל, קע־נען מיר אפילו באלד געהן צו דער חופה אבער לויט דעם בוכשטאב פון געזעץ, בין איך א פערהייראטהע פרוי, אן אשת איש, און איך קען ניט הייראטהען ביז איך וועל פון מיין מאן ארויסקריגען א גט...

דיעזע ווערטער האבען איהם ווי מיט א קאלטען עמער וואסער אפגעגאסען.

אלס לאַיער האָט ער געוואוסט מיט ווי־
פיעל שווערינקייטען עס איז פערבונדען
אין אמעריקא ארויסצוקריגען א גט פון
א מאַן, און זייענדיג פון נאטור אן אנ־
שטענדיגער מענש, האָט ער אויך ניט
געפיהלט אנגענעהם צו זיין די אורזאכע
פון א שיידונג אין א פאמיליע.

ער האָט שוין אין הארצען חרטה גע־
האַט וואָס ער האָט דיזע בעקאַנטשאַפט
געשלאָסען, ווייל ער האָט געפיהלט אז
ער איז אין איהר אמת פערליעבט, און
זאָל זיך די געשיכטע אויסלאָזען מיט א
דורכפאַל וועט ער עס ניט אויסהאַלטען,
עס האָט גענומען אזוי פיעל יאָהרען ביז
ער האָט געפונען דאָס צו וואָס זיין הארץ
האָט געצויגען און ווען ער וועט עס ניט
ערדייכען, קען עס נאָך פיהרען צו א
סקאנדאַל אויך און עס זאָל איהם ספּאָי־
לען זיין גאַנצע רעפּיוטיישאַן, היינט
וואָס האָט ער דאַ אויפגעטהאַן?

איין זאך איז ער געווען זיכער, אז זי
מוז זיין א פיינע, אנשטענדיגע דאַמע,
ווען ניט וואָלט זי ניט געווען בעפריינ־
דעט מיט מרס. וויינגאַרטען און מיט
מר. לעבמאַן געוויס ניט.

אויף מאָרגען, פּונקט צו דער בעשטימ־
טער שטונדע איז לאַיער שטיינהאַרט גע־
קומען צו די וויינגאַרטענס, וואו ביידע
דאַמען האָבען איהם עמפּפאַנגען מיט
דער גרעסטער פריינדליכקייט.

מר. לעבמאַן איז געקומען מיט א האַל־
בע שטונדע שפּעטער און האָט געפונען
א טיש פון כל טוב, ביי וועלכען ביידע
דאַמען און דער דזשענטעלמאַן זיינען
געזעסען און האָבען זיך פיין אמוזירט.

— וואָס איז היינט פאַר א יום טוב,
פריינד וויינגאַרטען? — האָט מר. לעב־
מאַן געפרעגט, — וואָס איהר האָט פאַר־
בערייטעט אזא פיינעם טיש?

— מיין צוועק איז געווען, אז מיר
זאָלען דאַ היינט אבענד פייערען די פער־
לאָבונג פון פריינד שטיינהאַרט און מרס.
באַראַן. איך ווייס אז זיי ליעבען איינס
דאָס אנדערע, און עס וועט זיין די פער־
גניגען פון מיין לעבען צו וויסען, אז
איך האָב געהאָלפען צו פעראייניגען
אזעלכע צוויי ליעבענדע נשמות.

— דאָס איז ניט קיין קרומע זאך, —
האָט מר. לעבמאַן געזאָגט. — עס איז
ניטאָ אויף דער וועלט קיין ערהאבענערע
זאך ווי א לעבען דורכגעוועבט מיט די
זיידענע פאָדים פון ליעבע.

— ליידער, — האָט לאַיער שטיינ־
האַרט בעמערקט, — קען איך נאָך ניט
האָבען דאָס גרויסע גליק צו פייערען מיין
פערלאָבונג מיט מאַדאַם באַראַן, טראָץ
דעם וואָס איך אליין האָב שוין וועגען
דעם געדענקט.

— וואָרום? — האָט פרוי וויינגאַר־
טען געפרעגט.

— פרעגט ביי איהר, וועט זי אייך ער־
קלעהרען וואָרום. די גאַנצע מניעה איז
אין איהר, ניט אין מיר.

— עס איז אמת, — האָט מרס. באַ־
ראַן געזאָגט עטוואָס פערשעהמט, —
איך האָב געסטערן אבענד דערצעהלט
מיין ליעבען פריינד, אז מיר קענען נאָך
וועגען אונזער פעראייניגונג גאַרניט
דענקען, ווייל איך בין נאָך דערווייל גע־
זעצליך א פרוי פון א מאַן, קיין אונ־
טערשיעד וואָס די אומשטענדען זיינען,
און מעג איך זיין וויא גערעכט, האָב
איך קיין רעכט ניט צו רעדען פון פער־
לאָבונג און פון הייראַטהען אַן אנדערען
ביז איך וועל פריהער ניט זיין גע'גט פון
מיין ערשטען מאַן. איך האָב אויף מיין
לעבען קיין מענשען גענאַרט, קיינעם בע־
טראָגען און קיין פאַלשקייט געגען קיי־
נעם קיינמאָל ניט בעגאַנגען און דעם יע־
ניגען וועלכען איך ליעב ווי מיין אייגען
לעבען וועל איך געוויס ניט נאַרען.

— וואָס זשע איז דיין מיינונג סערע?
— האָט ביי איהר פרוי וויינגאַרטען גע־
פרעגט מיט א שמייכעל, — זאָלען מיר
אויפעסען און אויסטרינקען אלעס וואָס
ס'איז דאָ אויף'ן טיש און קיין טעלער
דערווייל נאָך ניט צוברעכען?

— וואַרט צו א פּאָר מינוטען, —
האָט מר. לעבמאַן אויסגערופען, — איך
וועל באַלד סעטלען די פראַגע אויף א
גאַנץ אנדער וועג — איהר וועט אונז דאַ
פערציהיען. איך וועל אריינגעהן מיט
פריינד שטיינהאַרט אין א צווייטען צי־
מער און וועלען אלעס איבעררעדען, דאַן

וועלען מיר קענען קומען צו א בעשלוס ווי צו האנדלען. ווייל אייגענטליך ווייס נאך פריינד שטיינהארט זעהר ווענינ וועגען איהר לעבענסגעשיכטע, זי האט זיך גאנץ וואהרשיינליך געשעהמט איהם צו דערצעהלען איהר ביטער הארץ, און אזוי ווי פרוי וויינגארטען און איך זיינען איהרע איינציגע פריינד וואס זי האט דא פון דער זייט ים, וועל איך פאר איהר טהאן די ארבייט וואס איהר אליין איז ניט געווען אנגענעהם צו טהאן. עס וועט ניט נעהמען לאנג, און ווען איך און פריינד שטיינהארט וועלען אריינקומען צוריק, מיינע ווערטהע דאמען, וועט עס דאן הייסען, אז מיר שפיעלען אפענע קארטען: איין זאך וועט איהר דאך אלע צוגעבען, אז פריינד שטיינהארט דארף און זאל אלעס וויסען בעפאר.

— געוויס, — האט פרוי וויינגארטען צוגעגעבען. — עס איז יעדענפאלס ניט פערבונדען מיט אזעלכע שרעקליכע סודות מיט וועלכע זי האט זיך צו שעהמען. אויב דא איז יא דא פאר וואס זיך צו שעהמען, זאלען זיך שעהמען די מענער געזינדעל — — —

מרס. בראון האט ארויסגעלאזען א שווערען זיפץ פון הארצען, אבער דיא אורזאכע פון דעם זיפץ האט נור זי אליין געוואוסט.

און ווען ביידע מענער האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע טשערס, האט מר. לעבמאן זיך געווענדעט צו מרס. בראון:

— זייט אזוי גוט, — האט ער געזאגט — גיט מיר די פאסטעל קארד וואס איהר האט ערהאלטען פון מאנטרעאל פון אייער לאנדספרוי.

מרס. בראון האט זיין וואונש ערפילט און ביידע מענער זיינען אוועק אין צווייטען צימער, וואו זיי האבען פערבראכט איבער פינף און צוואנציג מינוט, און די קאנפערענץ זייערע איז געווען זעהר אן ערנסטע.

ווען ביידע מענער זיינען אריינגעקומען צוריק אין צימער וואו די דאמען זיינען געזעסען האט געהערשט א טויטע שטילקייט.

מרס. בראון'ס הארץ האט געקלאפט ווי מיט א האמער. זי האט מורא געהאט אז איהר ביסעל פלעזשור וואס זי האט געהאט אין איהר לעבען דורך דער צייט פון איהר בעקאנטשאפט מיט לאיער שטיינהארט, ענדיגט זיך יעצט.

זי האט איהם אליין אייניגע מאל געוואלט דערצעהלען אז זי האט א מאן, און ווער איהר מאן איז און וואס ער איז, אבער זי האט אלץ מורא געהאט, אז דאס וועט איהר נייעס לעבען און אלע איהרע נייע האפנונגען אין שטיקער צושמעטערען.

ערשט יעצט האט זי דערפיהלט א וואונש צו לעבען. איהר פריינדשאפט מיט וויינגארטען און לעבמאן האבען איהר פערשאפט גרויס כבוד, זי האט געזעהן אז מען האלט זי פאר אן עפעס אין דער וועלט. מען רעכענט זיך מיט איהרע א מיינונג אין סאסייעטי, זי טהוט עפעס אויף גרויסע זאכען פאר אזעלכע וואס זיינען אליין הילפלאז און עלענד. וואס אנבעלאנגט ווידער צו פלעזשור האט זי נאך אין איהר גאנצען לעבען ניט געהאט אזוי פיעל פערגעניגען ווי דורך דער צייט וואס זי קען לאיער שטיינהארט. ער האט זי געפיהרט אין אפערא און אין די רייכסטע טעאטערע, ער איז מיט איהר געגאנגען אין די פיינסטע רעסטאראנען און קאפע הייזער און ווען ער איז מיט איהר געזעסען, אדער געפאהרען אין אויטאמאביל, האט זי געפיהלט אז עס זיצט א פריינד, א הארץ־פריינד, זיין ליעבליכע בעריהרונג האט זי געוועקט צו לעבען — און יעצט, ווער ווייסט ? אזא דזשענטעלמאן ווי ער וועט געוויס ניט וועלען האבען קיין ביזנעס מיט א געמבלער און אויסוואורף, ווארטען ביז יענער וועט זי גט'ען...

אין אזעלכע טרויעריגע מחשבות איז זי געווען פערטיעפט ווען ביידע מענער זיינען צוריק אין צימער אריינגעקומען און האבען זיך אוועקגעזעצט אויף זייערע פלעצער.

— וועלל, דזשענטעלמען און די דזשורי, — האט פרוי וויינגארטען אויסגע־

רופען מיט א קלינגענדע שטימע — וואס איז אייער אורטייל?

לאיער שטיינהארט'ס געזיכט איז געווען ווי מיט א דונקעלען וואלקען בעצויגען.

ער האט געשוויגען.

— דאס איז א פראצעס אהן א דזשורי און אהן לאיערס, — האט מר. לעבמאן געזאגט, אלס אנטווארט צו מרס. ווינגארטען. — איך וועל אין דער קיים פערנעהמען דעם אמט אלס ריכטער און מיין אורטייל וועט זיין א גערעכטער וויל איך האפען, ווייל איך קום אלס פערטרעטער פון לעבען און לאכען. פריינד שטיינהארט ווייס שוין אלעס, איך האב איהם דערצעהלט אלע איינצעלהייטען פון דעם טרויעריגען לעבען וואס אונזער פריינדין, מרס. בראון, האט זייט זיא האט מיט איהר שלעכטען מאן געהייראטה. פריינד שטיינהארט ווייסט שוין אויך וועגען דעם סקאנדאל מיט אונזער פריינדין ווינגארטען'ס טאכטער, ווי ער האט פון איהר געסאקט געלד און האט איהר איינגערעדט אז ער איז א סינגעלמאן, וועהרענד ער האט צו דער זעלבער צייט געסאקט געלד ביי זיין אייגענער פרוי און קיינמאל אליין ניט געארבייט אום זיין פרוי און זאגאר זיך אליין צו ערנעהרען.

פריינד שטיינהארט גיט צו נאטירליך, אז מרס. בראון האט אונשולדיג געליטען, אז זי איז א קרבן פון א באנדיט, וואס פערדיענט קיין מיטלייד און קיין סימפאטיע פון אנשטענדיגע מענשען.

אבער, זאגט פריינד שטיינהארט, עס איז געגען מאראל און געגען לאגישען פערשטאנד זיך אריינצולאזען מיט דער גאנצער נשמה אין א פרוי וועלכע איז נאך דערווייל פערבונדען מיט אן אייזערנער קייט פון געזעץ צו אן אנדער מאן. וואס ערגער דער מאן איז, זאגט פריינד שטיינהארט, אלץ שווערער וועט זיין פון איהם זיך ארויסצופלאנטערען. און ער ערקלעהרט מיר, אז ער קען זיך יעצט אליין קיין עצה ניט געבען וואס צו טהאן. אבער לאמיר איהם אליין לאזען זאגען אלעס וואס ער האט צו זאגען, דאן וועל איך נעהמען דעם שלום־ווארט. עס איז אלל ראיט, פריינד שטיינהארט, זאגט אלעס וואס איהר האט צו זאגען, זאלען די דאמען הערען, מיר זיינען א גרופע פון אמת'ע פריינד, און איהר האט זיך ניט וואס צו שעהמען און וואס צו בעהאלטען.

— איך האב זיך גארניט וואס צו בעהאלטען, און האב זיך אויך גארניט צו שעהמען, — האט מר. שטיינהארט אנגעפאנגען און האט געקוקט דער מרס. בראון גלייך אין די אויגען אריין. איך בין שוין ניט קיין יונגער מאן. איך בין שוין באלד פערציג יאהר אלט. איך האב אין מיין לעבען נאך קיינמאל ניט געליעבט א פרוי אזוי הארציג און מיט אזא ברענדען פייער ווי איך ליעב די מרס. בראון. איך דענק, אז זי פיהלט עס. ווען איך זיץ מיט איהר אין טעאטער ווייזט זיך מיר אויס אז נעבען מיר ביי דער זייט זיצט א מלאך וואס מאכט מיר די פלעי טויזענד מאל מעהר אנגענעהם און זיסער ווי די פלעי איז אין דער ווירקליכקייט. אז איך זיץ מיט איהר אין מיין אויטאמאביל ווייזט מיר אויס אז די גאנצע נאטור ארום אונז פרעהט זיך און האט הנאה דערפון וואס אזעלכע צוויי גוטע נשמות ווערען בעהעפט און פערבונדען איינס צום אנדערען — אבער וואס קען דען פון אזא לעבען ארויסקומען, אז זי איז געזעצליך פערהייראטה צו אן אנדער מאן, און זיא איז מיט יענעם מאן ניט גע'גט, און יענער מאן לעבט, און קען צו יעדער צייט קומען און פאדערען זיין ווייב...

— איהר האט דאך געזעהן דאס פאסטעל קארד — האט פרוי ווינגארטען אויסגערופען, — און איהר ווייסט דאך וואס ער האט אנגעפיהרט פאר א סקאנדאל מיט מיין מיידעל?

— דאס איז אלץ גארניט, א שלעכטער מאן קען טהאן אלעס, און א פיינע פרוי קען גארניט טהאן. די אלע סקאנדאליעזע געשיכטעס זיינען קעגען איהם געזעצליך גארניט צו שטערען צו קומען נאכהער און פאדערען זיין געזעצליכע פרוי. און גאט איז מיין עדות אז איך

ווייס אליין ניט וואָס מיר בלייבט יעצט צו טהאָן. אדרבה, איך וואָלט וועלען הע־רען וואָס מרס. בּאראָן אליין האָט עפּעס אונז א גוטע עצה צו געבען, אז אלעס זאָל זיין אָלץ ראיט און מיר זאָלען בלייבען ביי אונזער כבוד, צו גאָט און צו לייט.

— איך ווייס גאָרניט וואָס צו זאָגען, — האָט מרס. בּאראָן געשטאַמעלט, — איך האָב פערשטאַנען, אז מיר איז עפּעס מיט אמאָל צו גוט געוואָרען, אז עס זאָל קענען לאַנג אָנהאַלטען. וואָס מעג דען א פרוי יאָ? זי מעג נור ליידען, אויס־שטעהן אלע ערנידערונגען פון א שלעכ־טען מאַן, זיך מאַטערען און וויינען און קלאָגען אלע איהרע יאָהרען, זיך ווינשען טאָג און נאכט דעם טויט — דאָס אלעס מעג א פרוי. דאָס איז איהר ערלויבט פון מאָראל און פון געזעץ — אָבער לע־בען?! אָה, ניין! דאָס טאָר ניט די פרוי. ווען זי פאַלט אריין אין די הענד פון א באנדיט, קען זי איהרע שקלאַפען קייטען פון זיך ניט אָבטרייסלען כל זמן זיינער מאַיעסטעט ערלויבט עס ניט. וואָס זאָל איך זאָגען, און וואָס פאַר אַן עצה קען געבען א פריזאָנעריין אום זיך אליין צו בעפרייען — אלעס וואָס איך קען זאָגען איז אז איך לייד אונשולדיג, און אז איך וואָלט זעהר וועלען לעבען כאָטש א פּאָר יאָהר נאָכדעם ווי איהר האָט פאַר מיר צום ערשטען מאָל גע־עפנט דיא טויערען פון אזא פּאַראַדיז וואָס האָט אין מיר ערוועקט גאַנצע וועל־טען מיט נייע האָפנונגען און נייע שטרע־בונגען און א נייעם גלויבען אין א בע־סערען לעבען און א בעסערע מענשהייט. עס איז ווירקליך געווען צו גוט עס זאָל קענען לאַנג אָנהאַלטען. לעבען דאַרף דאָרט אין קענעדע מיין מאַן: דער שאַרלאַטאַן, דער אויסוואָורף, דער פאַל־שער בעטריגער, דער פערניכטער פון אונשולדיגע לעבענס — ער דאַרף לעבען און געניסען אלע זיסע פרוכט פון לע־בען, אָבער איך? א שטילע, א רוהיגע, אנשטענדיגע פרוי וואָס האָט קיינמאָל קיין פליעג אויף דער וואַנד ניט אָנגע־ריהרט, אזא פרוי האָט קיין רעכט צו לעבען!

איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרען און זי האָט מעהר ניט גע־קענט רעדען, דען די טרעהרען האָבען זי געשטיקט אין האַלדז.

פרוי וויינגאַרטען האָט דאַן דאָס וואָרט גענומען.

— פאַר וואָס איז עס די פרוי אזוי אונגליקליך גלייך ביים ערשטען דורכ־פאַל פון ליעבע, אז זי מוז שוין אזוי אלע איהרע יאָהרען אָפּפינסטערען און טאָר אפילו ניט וועלען זיך העלפען, ווען זי קען עס בעהויפּטען? מיין אייגענער פּעקעל צרות איז כמעט אזוי שווער ווי מרס. בּאראָן'ס פּעקעל. עטוואָס אנדערש, אָבער דער רעזולטאַט איז דער זעלבער, ניטאָ קיין גראַדער וועג ווי זיך פון די צרות ארויסצודרעהען. הערט מיך נור גוט אויס מיט קאָפּ, הערר שטיינהאַרט. איך האס מיין מאַן ווי דעם טויט. די וועלט מיינט מיין מאַן איז א פרומער, אָבער עס הויבט זיך גאָרניט אָן. ער איז א פאַלשע בריאה געגען גאָט ווי געגען מענשען. שלעכט און ווילד ווי א חיה אין פעלד, העסליך וויא דער טייוועל אליין, בעוואַקסען מיט א באָרד וואָס ער פערקאָמט קיינמאָל ניט, אומגעלומפּערט ווי א ווילדע בריאה. קיין שכל, קיין בילדונג, קען מיט א פערשטענדיגען מענ־שען קיין צוויי ווערטער ניט רעדען. איך האָב זיך מיט איהם געפּלאָגט און גע־מאַטערט ביז מיינע קינדער זיינען על־טער געוואָרען, מעהר וויל איך מיט אזא חיה קיין מגע ומשא ניט האָבען. קומט מיר עפּעס דערפאַר? קען איך מיר העל־פען, אז איך האס איהם ווי דעם טויט און זיין בעריהרונג וואַרפט אויף מיר א גרויל און א עקעל? בין איך אָבער א פרוי און טאָר עס ניט טהאָן. ער איז דער מאַן, דער הערשער, און אז ער לאָזט מיך ניט פריי, מוז איך זיין שקלאַ־פין בלייבען אלע מיינע יאָהרען. אזוי טענה'עט ער, און דאָס זעלבע טענה'ען אלע שלעכטע מענער.

— עס איז טאַקע שלעכט, — האָט לאַיער שטיינהאַרט בעמערקט, — אָבער

לײדער איז עס אזוי אנגענומען ביי דער וועלט, אז די פרוי מוז ליידען און אלעס אריבערטראגען געדולדיג אויב זי וויל יוצא זיין פאר גאט און פאר לײט — —

— איהר רעדט ווי א קינד, פריינד שטיינהארט, — האט מר. לעבמאן זיך אנגערופען, — גאט וויל עס גארניט, אז דער באנדיט זאל לעבען א גוטען טאג און די פיינע גוטע אנשטענדיגע פרוי זאל זיך מאטערען. דאס וויל נור דער באנדיט אליין. און וואס אנבעלאנגט צו לייט, אדער ווי מען רופט עס צו דער וועלט, וועט איהר פאר דער וועלט קיין מאל ניט יוצא זיין. קיינער פון דער דאזיגער וועלט קומט ניט ביי נאכט אבווישען די טרערען פון א אונגליקליכע פרוי, וועלכערס מאן פיהרט זיך ארום גאנצע נעכט מיט אנדערע פרויען און לאזט זיין אייגענע פרוי זיך מאטערען און פלאגען איינע אליין יאהרען און יאהרען לאנג. ווער פון דער דאזיגער וועלט וועט א טרער פערלירען דארויף וואס פרוי וויינגארטען, אזא ערעלע און נאבעלע נשמה, לעבט אב איהרע טעג און איהרע יאהרען אהן ליעבע און מוז שטענדיג זיין איינגעשפארט ווי אין א שטייג צוזאמען מיט א ווילדען טיגער, וואס ווערט קיינמאל ניט זאט פון מענשען־פלייש... ווער פון דער דאזיגער וועלט איז אמאל געקומען צו דער מרס. באראן, און האט איהר געהאלפען ארביי־טען, ווען זי איז געווען קראנק, זי זאל קענען שיקען די צעהן דאלערדיגע צו איהר מאן אין דער זעלבער צייט ווען ער האט אויך געסאקט צעהן דאלארדיגע פון א מיידעל, וועלכער ער האט געטרייעט איינצורעדען אז ער איז א סינגעל מאן און וועט מיט איהר הייראטען? איך האב איין כלל אין לעבען, ווילסטו לעבען אויף דער וועלט, זאלסטו קעהרען פאר דער וועלט ווי די וועלט קעהרט פאר דיר — —

— וואס מיינט איהר? — האט איהם לאיער שטיינהארט אונטערבראכען.

— איך וועל אייך באלד ערקלעהרען וואס איך מיין, — האט מר. לעבמאן געענטפערט און האט עטוואס נאכגערעכנט.

— אבער איך וויל איהר זאלט מיר גוט אויסהערען. מיר זיינען דא יעצט פיער פערזאן וואס ליידען אלע פון איין קראנקהייט. מיר אלע ווילען לעבען, האבען א רעכט צו לעבען, נור אויס מורא וואס די וועלט וועט זאגען, מאכען מיר זיך דערווייל אליין דעם טויט. נאך מיין מיינונג קען יעדע זאך געהן האלב וועג. צום ביישפיעל, איהר ליעבט די מרס. באראן, זי ליעבט אייך, און איהר האט זיך אין דער קורצער צייט וואס איהר זיינט בעקאנט שוין איבערצייגט אז איהר ביידע, איהר צוויי לעבעדיגע מענשען, בעזונדער זיינט איהר צוויי לעבעדיגע מתים. און איך זעה דאריבער ניט איין קיין שום שלעכטעס ווען איהר זאלט אנפיהרען אייער פריינדשאפט ווייטער, מיט דער זעלבער טרייהייט און איבערגעבענהייט ווי ביז יעצט. געהן צוזאמען, פאהרען צוזאמען, פערברענגען צוזאמען ווי צוויי גוטע, גלייכע חברים וואס פערשאפען פלעזשור און פערגעניגען איינער דעם אנדערען, אזא פריינדשאפט מוז ווערען אלע מאל מעהר און מעהר אינטערעסאנט. פריינדשאפט פון צוויי גלייכע נשמות ווירקט וואונדערליך אויף ביידע צו מאכען אז אלעס אין דער וועלט זאל פאר זיי אויסזעהן בעסער און שעהנער, אזוי אז דאס לעבען זאל ווערטה זיין צו לעבען. און ווען די אומשטענדען ענדערען זיך מיט דער צייט, קומען דאן דיעזע פארלאך אריין אין פאמיליען לעבען ווי פון דער נאטור אליין דאפיר פארבערייטעט און זיי לעבען דאן אב זייער ביסעל יאהרען אין א ים פון ליכט און פרייד און פלעזשור, אז זיי בענשען יעדע סעקונדע פון זייער לעבען, דאס טהו איך און פרוי וויינגארטען, און דאס ראטה איך אויך אייך צו טהאן, פריינד שטיינהארט.

— איך פערשטעה וואס איהר מיינט, פריינד לעבמאן, — פאר א יונגערען מענשען איז עס אפילו א צו שווערע אויפגאבע, אבער איך וועל עס טרייען צו טהאן. איך האב קיין אנדער ברירה ניט, ווייל איך פיהל, אז אהן איהר וועל איך ניט קענען לעבען. מיר וועלען דאריבער

פארטזעצען אונזער פריינדשאפט, מיר וועלען האלטען קאמפאניע, ביז זי וועט קענען ארויסקריגען א גט. איך וועל שרייבען צו מיינעם א בעקאנטען לאיער אין מאנטרעאל, וועט ער זיך דארט זעהן מיט דער פרוי וואס האט דעם פאסטעל־קארד געשריבען, פיעלייכט וועט עס איהם געלינגען אונז שנעלער צו ברענגען צו אונזער ציעל־ענד.

## 21טער קאפיטעל.
## דראמא און קאמעדיע

קוים איז דיעזע פראגע געשטעלט געווארען, האט די פרוי וויינגארטען דער־לאנגט צום טיש פיינע מאכלים און משקאות און די פיער געליעבטע האבען פערבראכט א פאר שטונדען זעהר לוס־טיג, נאכהער האבען זיי בעשלאסען צו פאהרען אפטאון זעהן א שאו.

לאיער שטיינהארט האט געהאט זיין מאשין און דעם שאופער אנגעגרייט אין פראנט פון הויז און די גאנצע גרופע האט געפיהלט א מארנע גליק און צו־פריעדענהייט פאהרענדיג צוזאמען צו גע־ניסען אביסעל פערגעניגען, וואס מען קען קיינמאל פון לעבען ניט ארויסקריגען סיידען מען נעהמט עס אליין.

פאהרענדיג אויפ'ן וועג צו צוויי און פערציגסטער סטריט און בראדוועי, וואו עס געפינט זיך דער גאנצער טעאטער צענטער פון דער גרויסער וועלט־שטאדט ניו יארק, איז צווישען די פיער פערליעב־טע נשמות פארגעקומען א לאנגע דע־באטע אין וואס פאר א טעאטער מען זאל געהן פערברענגען דעם אבענד.

פרוי וויינגארטען און פרוי בארען הא־בען געזאגט, אז זיי וואלטען וועלען זעהן עפעס א שטארקע, ריהרענדע דראמא, וואס זאל ריהרען ביים הארצען, זיי זא־לען זיך קענען גוט אויסוויינען.

— מיין נשמה איז אזוי אנגעוועה־טאגט פון א לעבען אהן לוסט און ליע־בע, — האט זי געזאגט, — אזוי פול מיט וועהטאג און שטענדיגען עגמת נפש, אז אום איך זאל קענען ריכטיג געניסען עטוואס פרייד אמאל, מוז פריהער קו־מען א מבול טרעהרען און ארונטער־שווינקען אלע מיינע וועהטאגען וואס האבען זיך אנגעזאמעלט ביי מיר אין הארצען זייט יאהרען און יאהרען לאנג, דאריבער וויל איך זעהן אן אויסערגע־וועהנליכע שטארקע, גרויזאמע דראמא. א דראמא אין וועלכער די העלדין ליידעט ווי איך אינערליך, און האלט אין איין קעמפפען מיט זיך אליין, פרעגענדיג ביי איהר אייגענע נשמה: צו וואס האלטסטו זיך אין מיר? ביז וואנען איז דער שיעור איך זאל זיך מאטערען אויף דער וועלט אהן ליעבע און אהן לעבען? איך וואלט וועלען זעהן א דראמא אין וועלכער דער טייוועל איז אזוי שווארץ ווי מיינער; די פרוי דערזעהט איהם ווערט זי היסטעריש און ווען ער בע־ריהרט זי ווערט זי א פערציטערטע און עס הויבט מיט איהר אן ווארפען א צאהן אין א צאהן ווי פון דער בעריהרונג פון א גיפטיגען שלאנג — דאן וואלטען זיך אלע קוואלען פון מיינע טרערען גע־פענט, איך וואלט זיך געשמאק אויס־געוויינט און דאס וואלט פיעלייכט גע־מאכט מעגליך אז איך זאל אויך עטוואס פרייד אין זיך קענען ארייננעהמען און פיהלען דעם ריכטיגען גענוס כאטש פון אביסעלע גליק.

פרוי וויינגארטען האט דיעזע ווערטער גערעדט מיט אזוי פיעל בענייסטערונג ווי דער פלאץ וואו זיא איז געזעסען וואלט זיין א סטידזש און זי א ריכטיגע דראמאטיסטין. ווייל א פאעטישע נשמה האט זי געהאט און אזוי ווי זי האט גע־פיהלט מיט'ן הארצען יעדערווארט וואס זי האט ארויסגעלאזט פון מויל, האבען איהרע ווערטער געמאכט א טיעפע וויר־קונג אויף דער גאנצער גרופע.

סערע בארען האט געקוקט פרוי וויינגארטען אין די אויגען און האט גע־טראכט.

— מיר האבען ביידע עהנליכע צרות און עהנליכע האפנונגען, — און דיא טרעהרען האבען זיך איהר אין די אויגען געשטעלט.

— איך בין זיכער, — האט פרוי וויינגארטען פארטגעזעצט, — אז פריינ־דין בארען וויל אויך בעסער זעהן א ריכ־

טינע דראַמאַ און זיך גוט אויסוויינען, איידער צו זעהן אַ קאָמעדי און מוזען לאַכען כאָטש די האַרץ איז פערוואונדעט
—— האָב איך רעכט, פריינדין באַראָן?

— איך וויים אליין ניט, וואָס איך זאָל אייך ענטפערען, מיין טהייערע מרס. ווייננאַרטען, — האָט מרס. באַראָן געשטאַמעלט. — איך האָב שוין אין דיא עטליכע יאָהר פון מיין פערהייראַטהען לעבען אַזוי פיעל טרערען אויסגעגאָסען, אַז איך גלויב קוים, אויב עס איז דאָ אַ צווייטער מענש אין דער גאַנצער וועלט וואָס זאָל אַזוי פיעל בעווייגען און בעקלאָגען זיינע יאַהרען און זיינע טעג ווי איך. נאָט איז מיין עדות, אַז איך קען שוין מעהר ניט וויינען און איך וויל שוין מעהר ניט וויינען. איך וויל לאַכען, טאַנצען, שפּרינגען, פּיהלען דעם טעם פון זאָרגלאָזינקייט — מיר דוכט זיך אַז איך וואָלט מעהר הנאה געהאַט פון אַ קאָמעדיע ווי פון אַ דראַמאַ, איך וויל קוקען אויף פרעהליכע, לוסטיגע פּנים'ער — הערען קלאַנגען פון געלעכטער — זעהן ווי מענשען קושען איינס דאָס אַנדערע און ווי שטאַרקע פריינדשאַפט און שטאַרקע פרייד פעראייניגען זיך און פילען אָן דעם בעכער פון לעבען מיט'ן זיסען וויין פון ליעבע און גליק.

לאַיער שטיינהאַרט האָט דאָן דאָס וואָרט גענומען.

— איך ווידער, — האָט ער אַנגעפאַנגען, — גלייך זעהן אַ פּלעי, וואָס האָט אַ טענדענץ, אַ זאַך פון וועלכער מען קען עטוואָס לערנען, אָבער אַזוי ווי מיר זעהען יעצט דאָ אין אונזער קליינער גרופּע צוויי פערשיעדענע מיינונגען — פריינדין וויינגאַרטען וויל אַ דראַמאַ און זיך גוט אויסוויינען און פריינדין באַראָן וויל אַ קאָמעדיע און זיך גוט אַנלאַכען, ווען מיר אלע זיך פערלאָזען אויף פריינד לעבמאַן. זאָל פריינד לעבמאַן זיין דער ריכטער — דראַמאַ אָדער קאָמעדיע? וויינען אָדער לאַכען? וועלל, פריינד לעבמאַן, איהר האָט דאָס וואָרט, און ווי איהר וועט הייסען אַזוי וועלען מיר טהאָן. יאַ, מיינע ווערטהע דאַמען, זיינט איהר צופריעדען זיך צו פערלאָזען אויף פריינד לעבמאַן?

— גאַנץ געוויס! — האָבען ביידע דאַמען געענטפערט מיט אַמאָל.

מר. לעבמאַן האָט אַ ווייל'ע געטראַכט און האָט מיט זיין געוועהנליכען ליעבליכען שמייכעל געזאָגט:

— ווי אייך אלעמען איז בעקאַנט בין איך אַ גרויסער געגנער פון טרעהרען. אויב שוין יאָ טרעהרען זאָל עס זיין טרערען פון פרייד. מיר אלע זוכען אַביסעלע ליעבע, אַביסעלע גליק, אַביסעלע לעבען און דאָס קומט אונז אָן זעהן שווער צו בעקומען. היינט צו וואָס זאָלען מיר נאָך אליין לויפען צו טרעהרען ווי יצחק צו דער עקידה. די מאָמענטען פון אונזער ריכטיגער פרייד אין לעבען זיינען געצעהלטע, און אם מעהרסטען קומען זיי אויך נור פון אילוזיאָנען. מיר שטעלען זיך פאַר געוויסע זאַכען אלס אַזעלכע פון וועלכע מיר וועלען האָבען פּלעזשור, און די גאַנצע פּלעזשור וואָס מיר האָבען דערפון איז אין די מאָמענטען ווען מיר דענקען דערפון — קומען מיר אָבער דערצו ווערט עס שוין אַ גאַנץ אַנדער זאַך, ווייט ניט אַזוי ערהאַבען וויא עס האָט אויסגעזעהן ווען עס איז נאָך געווען אַ קינד פון אונזער פאַנטאַזיע.

— מיר ווילען לעבען, — האָט מר. לעבמאַן פאָרטגעזעצט מיט אַן ערנסטען טאָן, — מיר זוכען דאָס לעבען מיט ליכט, אָבער דאָס לעבען איז אַ פּייקער, עס נאַרט אונז אָפּ אויף יעדען טריט און שריט. קוקט מיט אייערע אויגען צום האָריזאָנט, דאָרט וואו דער הימעל ליגט דאַכט זיך אויף דער ערד. עס ווייזט זיך אונז אויס, אַז ס'איז ניט ווייט פון אונז, אַ האַלב שטונדע גאַנג און מיר וועלען מיט אונזערע אויגען זעהען ווי הימעל און ערד קושען זיך. אָבער טרייעט נור געהן צום האָריזאָנט, איז עס אַזוי ווייט, אַז איהר וועט אייער גאַנצען לעבען אהין ניט קענען צוקומען ס'איז נעבען אונז אַז מיר קוקען דאַרויף פון וויטענס, און זעהן ווייט, גוואַלטיג ווייט, ווען מיר טרייען צוגעהן נאָהענט דערצו.

די גאַנצע גרופּע איז געזעסען און האַ־

בען מיט דער גרעסטער שפאנונג צוגע־הערט דר. לעבמאן'ס ווערטער, וועהרענד ער האט פארטגעזעצט :

— אלע בעוואונדערען דעם צויבער פון די הויכע אייביגע בערג אין די קעטס־קיל מאונטיינס. ווי פרעכטיג עס איז צו קוקען זומער אויף די גרינע הויכע ריע־זיגע נאטור טהורמס. עס ווייזט זיך אויס אז דער גרויסער בעשעפער דער וועלט האט מיט די טייערסטע גרינע קארפעטס אליין בעדעקט די דאזיגע טהורמס אום דעם מענשען'ס אויגען צו דערקוויקען.

און עס איז ווירקליך א דערקוויקונג פאר די אויגען צו שטעהן פון דער ווייַ־טענס און קוקען אויף דיעזע וואונדערלי־כע בערג.

קומט איהר אבער נאהענט צו די בערג — אדער ווען איהר קלעטערט ארויף אויף'ן בארג — דאן זעהט איהר שוין גאר א גאנץ אנדער זאך פאר אייערע אויגען.

די גאנצע שעהנע פאעזיע ווערט מיט אמאל פערשוואונדען. עס בלייבט דיא פליינע פראזע. איהר קוקט אהין, אהער, איהר ווארפט אייערע בליקען אויף אלע זייטען און איהר זעהט זיך ארום וויא איהר האט זיך מיאוס אפגענארט...

דער בארג איז גארניט גרין, פול מיט שמוץ, מיט פוילע בלעטער, מיט ווערים, מיט שלענג און מיט פוילע בושעס, אז עס עקעלט אייך אויף זיי צו קוקען. דאס ביסעלע גרינע גראז וואס ווארפט זיך דורך דא־און־דארט, איז קראפיווע צו וועלכען מען טאר זיך ניט צוריהרען, ווייל עס צושטעכט און צוברענט דיא הענד...

דאס זעלבע איז מיט דיא מעהרסטע פלעזשורס וואס דאס לעבען צייגט אייך פון ווייטענס. אלעס איז מעהר טראגעדיע ווי קאמעדיע און דעריבער איז מיין מיי־נונג אז מיר זאלען יעצט געהן זעהן א קאמעדיע — טראגעדיע האבען מיר גע־נוג אין לעבען.

פרוי וויינגארטען האט געוואלט עט־וואס ענטפערען איהר בעגלייטער אויף זיינע ווערטער, אבער די מאשין האט זיך אין דעם מאמענט אפגעשטעלט אין פראנט פון ווינטער־גארדען טעאטער.

און די פיער געליעבטע הערצער הא־בען זיך דעם אבענד אמוזירט זעהר פיין ביי א קאמעדיע וואו עס איז געווען זעהר ווענינ צו לערנען, אבער זעהר פיעל צו לאכען.

## 22טער קאפיטעל
## צובראכענע הערצער

נאך א פיינער, רייך אויסגעשטאטע־טער פארשטעלונג, וואס די פיער פער־בונדענע הערצער האבען בייגעוואוינט אין ווינטער גארדען טעאטער, זיינען זיי אריינגעגאנגען אין האטעל אמבאסאדאר, האבען דארט געהאט א פיינעם סאפער, געהערט פיינע מוזיק און האבען זיך זעהר פיין אמוזירט.

עס זיינען דא אונגליקליכע מענשען אויף דער וועלט, וואס זעהען קיינמאל ניט אן די ליכטיגע שיין פון לעבען. זיי זעהען נור די פינסטערנים, זיי בעגעגע־נען נור די טרויעריגע זייט פון לעבען. זיי ווערען געבוירען אין די ארימסטע קווארטאלען פון שטאדט. וואוינען צו־זאמען און קומען זיך צוזאמען מיט ארי־מע לייט, וואס זיינען אזוי אונגליקליך ווי זיי. דארט הייראטען זיי מיט ארימע לייט, דארט געהען זיי אין די ארימסטע מואווינג פיקטשור פלעצער, וואו עס איז פינסטער און שמוציג ווי אין א שטאל און זיי שטעלען זיך פאר, אז די גאנצע וועלט בעשטעהט פון שמוציגע גאסען, ענגע שמוציגע טענעמענטס און קינדער־גארטענס וואו מען מוז אויף'ן טאג איי־בערלאזען די קינדערלעך אום מען זאל קענען ווי עס איז טרייען צו מאכען אן ארימען לעבען צו קענען דערהאלטען די נשמה, כל זמן מען לעבט.

אין די דאזיגע ארימע, פינסטערע נאכבארשאפטען, וועט איהר זעלטען בע־געגענען א מאן אדער א פרוי וואס זא־לען פיהלען עטוואס ליעבשאפט און צו־ציהונגס קראפט צום לעבען.

דאס גאנצע לעבען איז ביי זיי אן אויך־מיר־א דאגה ביזנעס. מען מוז דורכשטופען דאס וועלטעל, וועמען ארט עס ? בעל כרחך אתה חי. יעדער איינער

פיהלט אז ער לעבט מיט געוואלד, לעבעדיגערהייד קען מען זיך ניט בעגראבען, ווארט מען ביז מען וועט שטארבען. אין די ארימע געגענדען פיהרט מען זיך ניט צו שטארק אז מען האט חתונה און מען וויינט ניט שטארק אז מען שטארבט. מען מאכט ניט קיין לוסטיגע ספּיטשעס ווען מען האט חתונה, און מען מאכט ניט קיין טרויעריגע הספדים ווען מען שטארבט.

טויזענדע און טויזענדע מענער און פרויען וואס לעבען אין די ארימע קווארטאלען פון ניו יארק ווייסען גארניט אז עס איז דא א שעהנערע ניו יארק ווי די אין וועלכער זיי וואוינען.

— אויך מיר א שטאדט, — טראכטען זיך פיעלע, — א פינסטערער, א שמוציגער גיהנום מיט הויכע קברים, וואו עס ליגען בעגראבען מיליאנען לעבעדיגע מתים.

עס זיינען דא א סך וואס זיינען פערמעגליך אין די פאקעטס אבער זעהר ארעם אין זייער מארך. ווייטער ווי דער קווארטאל גרייכט ניט זייער מח, זיי געהען ניט אין ערגעץ. דארט האנדלען זיי, דארט דאוונען זיי, דארט לעבען זיי און דארט שטארבען זיי.

די פרוי וויינגארטען, אזוי גוט ווי די פרוי בעראן, האבען אויך א צייט מיט יאהרען ניט געוואוסט אויב עס איז דא נאך א ניו יארק, אויסער דער ארימער, ענגער און פינסטערער ניו יארק וואו מען בראט סוויט פּאטייטאס אין די גאסען און מ'קוויקט זיך דערמיט ווי מיט מעדני מלכים. זייט זיי האבען זיך בעקאנט און בעפריינדעט מיט זייערע נייע צוויי פריינד, האט זיך פאר זיי געעפענט א נייע ניו יארק אין ניו יארק.

ווען זיי זיינען צום ערשטען מאל אריינגעקומען אין רייכען טעאטער דיסטריקט אויף בראדוועי, זיינען זיי ערשוינט געווארען צו זעהן די ימים עלעקטרישע ליכט וואס האבען פערפלייצט די גאס, פון דער ערד ביז'ן הימעל. זיי האבען נאך אזעלכע קאלירען און אזוי פיעל פערשיעדענע קאלירען און ליכט קיינמאל ניט געזעהן. היינט ווייפעל לעבען זיי האבען אין דיעזער נייער ניו יארק מיט אמאל בעגעגענט! וויפיעל פרעהליכע פנים'ער, וויפיעל הויכע אפענהערציגע געלעכטערס — אלעס וואס זיי האבען דארט געזעהן איז ביי זיי געווען ניי, צויבער־שעהן און זעהר ליעב.

— אט דאס הייסט לעבען! — האבען זיי זיך געטראכט. און יעדעס מאל וואס זייערע פריינד האבען זיי גענומען אהין צו א שאו איז ביי זיי געווען אן אמת'ער יום טוב, אן אבענד מיט אונבעשרייבליכע פערגעניגען.

זיי האבען דאן געפיהלט אזוי גוט, אזוי זאנפט, אזוי ווייך צו זייערע פריינד וואס האבען זיי געגעבען די מעגליכקייט צו זעהן די בעסערע ניו יארק, אזש זיי זיינען געווען בעריט צו טהאן פאר זיי אלעס, וואס זיי וואלטען נור פון זיי פערלאנגט.

דר. לעבמאן און לאיער שטיינהארט, די צוויי איינציגע און בעסטע פריינד, וואס די צוויי דאמען האבען ווען אין זייער לעבען געהאט, האבען אבער קיין מאל ניט איבערגעטראטען דעם גרענעץ פון רעספּעקט און אנשטענדיגקייט. זיי האבען ניט געוואלט, אז די צוויי גוטע נאבעלע נשמות זאלען זיך פיהלען עטוואס פערפליכטעט צו זיי, און זיי האבען זיי אפט גאנץ אפען געגעבען אנצוהערען: אז זייער קאמפּאני איז ביי זיי אזוי ליעב און טייער, אז זיי קומט גאר קיין דאנק ניט דערפאר וואס זיי ספּענדען אויף זיי אזוי פיעל צייט און געלד.

דר. לעבמאן, אזוי גוט ווי לאיער שטיינהארט, האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכקייט צו איבערצייגען דיא צוויי דאמען, אז עס איז נור זיי צו פערדאנקען וואס זיי אמוזירען זיך אויך אביסעל פון צייט צו צייט. דאס האט געמאכט די צוויי פרויען זאלען פאלשטענדיג הנאה האבען פון די פלעזשור וואס די צוויי מענער האבען זיי פערשאפט, בלויז אלס אמת'ע, גוטע און טרייע פריינד און קאמפּאניאנען.

ביי נאכט אויף'ן געלעגער איז דיא פרוי וויינגארטען געלעגען און האט געטראכט אז איהר מאן האט איהר קיין

מאָל קיין ברעקעל פּערגעניגען ניט פּער־שאַפט. ער ווייסט גאָר ניט אפילו, אַז עס איז דאָ אַ שעהנערע ניו יאָרק, אַ לוס־טיגערע ניו יאָרק, אַ ניו יאָרק וואָס איז פול מיט קונסט, מיט מוזיק, מיט שעהנ־קייט און מיט לעבען.

זי האָט געוואוסט, אַז איהר מאַן איז ניט קיין אָרעמאַן, נאָר אַ קמצן, וואָס וואָלט זיך פאַר אַ פּעני געלאָזט צעהן צייהן ארויסנעהמען. זיא האָט גענומען פערגלייכען דעם דר. לעבמאַן מיט איהר מאַן, און האָט געזעהן, אַז מען קען גאָר דיזעע צוויי פּערזאָן נישט פערגלייכען, ריכטיג ווי מען קען ניט פערגלייכען אַ מאַנקי מיט אַ קלוגען געבילדעטען מענ־שען. עס האָט בלויז עטוואָס עהנליכ־קייט, אָבער איינס איז אַ חיה און דאָס צווייטע איז מענש. די איינציגע מעלה וואָס זי האָט אין הארצען אויף איהר מאַן געפונען, איז דאָס וואָס ער איז ריין פון פרעמדע פרויען. זי האָט געדענקט אַז ער גלויבט אין איין גאָט און אין איין פרוי, און איהר כאראקטער האָט איהר דאריבער דיקטירט, אַז זי מעג ווי ליעב האָבען דעם דר. לעבמאַן טאָר זי אָבער ניט זיין פאַלש צו איהר מאַן, זאָ לאַנג ער איז צו איהר ניט פאַלש. זי טאָר ניט געהן צו ווייט אין איהר ליעבע צו דר. לעבמאַן, אָבער צו דער זעלבער צייט האָט זיא אויך נישט געקענט זיין פאַלש צו זיך אַליין און ציינגען נאָהענטע צוגעבונדענקייט צו איהר מאַן, וועהרענד זי ליעבט איהם ניט. און ניט בלויז זי ליעבט איהם ניט, נור זי פיהלט צו איהם אַ מאָדנע פיינדשאַפט אַזוי אַז זי קען איינפאַך ניט ליידען די מינדעסטע בע־ריהרונג זיינע.

דער מאַן האָט עס נאַטירליך בעמערקט אויף יעדען שריט און טריט. עס האָט איהם שטאַרק פאַרדראָסען. ער האָט זיך געקאָכט, געליאַרעמט, געשריען, געשאָל־טען, געזידעלט, און ווען ער האָט געזעהן אַז קיין זאַך העלפט ניט ער זאָל פון איהר כאָטש אַמאָל קענען קריגען אַ ליעב־ליכען שמייכעל, האָט ער געדענקט, אַז ווען ער וועט אוועקפאָהרען צו זיין אויס־געגעבענער טאָכטער אין באָסטאָן און וועט ניט זיין אין דער היים אַ שטיק צייט, און זי וועט ניט האָבען קיין געלד אויף דער הוצאה, וועט זי ווערען ווייכער און וועט איהם שרייבען: "קום מיין מאַן אַהיים, און אַלעס וועט שוין זיין אָלל־ראַיט!"

אָבער עס איז פאַראיבער אַ חודש, צוויי, דריי און פיער חדשים, און ער האָט קיין איינגעטונקטע פען ניט געקראָ־גען פון זיין פרוי. דאָס האָט איהם נאָך מעהר בייז און אויפגערעגט געמאַכט אין ער האָט ערנסט אָנגעהויבען דענקען וועג־גען אַ גט.

די איינציגע זאַך פאַר וואָס אַ גט איז איהם ניט געוועזען אין גאַנצען צום האַר־צען איז דאָס וואָס אַ גט מאַכט אויך זי פאַר אַ פרייען מענשען, און ער איז שטאַרק בייז געוועזען אויף דער תורה פאַר וואָס זי האָט ניט אָנגעשריעבען אַז ווען דער מאַן גט אַ ווייב, זאָל דער מאַן מעג־גען התונה האָבען און די פרוי ניט.

יעדענפאַלס האָט ער בעשלאָסען אַז ער זאָל פאָהרען אַהיים און זעהן איהר אביסעל מעהר צרות צו פערשאַפען. יעצט איז זי אין גאַנצען אָהן אַן אויבער־האַר און עס איז איהר דאָרט צו גוט, דיא חברה מוז מען האַלטען אין די הענד! האָט ער געדעכט צו זיך אַליין און האָט בעשלאָסען צוריק אַהיים צו פאָהרען אומגעבעטען.

מיט מר. בראַון איז אין דער זעלבער צייט אויך פאַרגעקומען אַ גרויסע ענדע־רונג. ער האָט אין מאָנטרעאַל אויסגע־סאָקט עטליכע הונדערט דאָלאַר ביי אַ יונגע שעהנע אַלמנה, וועלכע האָט מיט איהם געהייראַטה. זי האָט אָבער באַלד אויסגעפונען אַז ער איז אַ פערדאָרבענער מענש, און דערצו אַ פוילענצער וואָס וויל ניט ארבייטען און האָט מיט איהם שנעל כפרות געשלאָגען. זי האָט איהם איבערגעלאָזט און איז אוועק ארבייטען און מעהר האָט זי פון איהם ניט געוואָלט וויסען.

מיט אַ גט האָט זי זיך ניט געאיילט, ווייל ער האָט איהר אַזוי פערביטערט איהר האַרץ, אַז זי האָט כמעט ביי זיך

ווי א נדר געטהאָן, אז מעהר זאָל זי קיין מאָל ניט הייראטהען.

ער האָט דאריבער אָנגעפאנגען ערנסט צו דענקען וועגען פאָהרען צוריק אהיים צו זיין ווייב, וועלכע וועט זיך לאָזען שנעל פון איהם איבעררעדען און אי־בערבעטען און זי וועט פאר איהם ווידער ארבייטען און איהם איהרע וויידזשעס אוועקגעבען.

ער האָט שוין וועגען דעם איהר גע־שריבען א גאנצע מגילה מיט הונדערט פערשיעדענע ליגענס, אָבער ער איז ער־שטוינט געוואָרען, ווען דער בריעף איז איהם צוריק געקומען מיט אן אויפשריפט פון פּאָסט, אז די פרוי האָט ארויסגע־מופט און קיין נייעם אדרעס ניט גע־לאָזט.

ער וואָלט שוין געפאָהרען אזוי. ער וועט זי שוין געפינען, ווען ער וועט קו־מען אין ניו יאָרק, האָט ער אָבער קיין פּעני ניט אין פּאקעט. מען דארף דאָך האָבען געלד אויף א טיקעט, היינט וויא קומט מען אין ניו יאָרק אָהן א פּעני, טאָמער וועט דארפען אריבער א וואָך אָדער צוויי ביז ער וועט זי געפינען — דערווייל מוז מען עסען און שלאָ־פען קען מען דאָך אויך ניט אויף דער גאס. אין דעם בריעף וואָס ער האָט צו זיין פרוי געשריעבען האָט ער זי געבע־טען זי זאָל איהם שיקען עטליכע דאָלאר און ער וועט קומען אהיים און וועט שוין זיין גוט און פרום. ער איז געוועזען זי־כער אז זי וועט עס געוויס פאר איהם טהאָן. מיט אמאָל אזא צרה, ארויסגע־מופט! אויף אזא זאך האָט ער גאָר קיין מאָל ניט גערעכענט.

אין דער זעלבער צייט איז סערע באַ־ראַן געשטאנען ביי זיך אין בעדרום, האָט געקוקט אין שפּיגעל און האָט זיך אליין בעוואונדערט ווי שעהן און לעבהאפטיג זי קוקט יעצט אויס נאָכדעם ווי זי האָט געהאט עטוואס פּלעזשור אין לעבען.

זי איז יעצט געוועזען א פרוי פון א יאָהר צוויי אָדער דריי און דרייסיג, די רעכטע בליהענדע יאָהרען פאר א פרוי וואס האָט ניט קיין צרות און עגמת נפש פון א שלעכטען מאן.

לאָיער שטיינהארט האָט צו איהר גע־רעדט ליעבליך, ער האָט צו איהר גע־רעדט ווי א קאָמפּאניאָן, ווי א פריינד. ער האָט מיט איהר גערעדט וועגען פער־שיעדענע טעגליכע פּאסירונגען, ער האָט איהר דערצעהלט וועגען פערשיעדענע אינטערעסאנטע קאָורט קייסעס, וועגען פּראָצעסען וואָס ער האָט געוואונען און וועגען פּראָצעסען וואָס ער האָט זאָגאר פערלוירען. אין פיעלע פראגען וואס הא־בען צו טהאָן געהאט מיט אינוועסטען געלד האָט ער ביי איהר געפרעגט אן עצה. מיט איין וואָרט זי אליין האָט זיך אָנגעפאנגען האלטען פאר א שטיקעל מענש אויף דער וועלט.

זי האָט דאן ערשט גענומען בעגריי־פען וויא אזוי אפילו די בעסטע און די פיינסטע פרוי ווערט אן איינפאכע שטי־קעל ליים ווען זי פאלט אריין אין די הענד פון א שלעכטען מאן, און זי האָט זיך געוואונדערט ווי אזוי האָט זי עס געקענט אריבערטראָגען אזוי פיעל יאָה־רען אזוי פיעל צרות פון א מאן א שאר־לאטאן, וואָס האָט קיינמאָל צו איהר ניט גערעדט ווי א מאן דארף רעדען צו א פרוי. מעהר ווי סעי האָט זי פון איהם קיינמאָל ניט געהערט, פון׳ם וואָרט "פּליעז" האָט ער אפילו ניט געוואוסט. ער האָט זיך קיינמאָל מיט איהר וועגען קיין ערנסטע זאך ניט בעראטען, אלעס וואס זי האָט פון איהם געקענט הערען איז געווען וועגען פייטס און וועגען פערדלאָף.

— ווי אזוי בין איך עס געווען אזוי בלינד און אזוי נאריש, — האָט זיא זיך אליין געפרעגט, — אוועקצוגעבען מיינע בעסטע יאהרען צו אזא ווילדע חיה? ווי קען מען גאָר רופען אזא בריאה מיט׳ן הייליגען נאָמען מענש? ווען ער זאָל יעצט קומען צו מיר וואָלט איך איהם אפילו אויף מיין שוועל ניט ארויפגעלאָזט.

— און איך בין נאָך געווען אזוי נאַ־ריש, — האָט זי זיך געטראכט אויף איהר געלעגער ביי נאכט, — צו האלטען זיך פאר א פערברעכערין געגען איהם. קען מען פערגלייכען זיין רעקאָרד מיט

מיינעם? ער איז דורכאויס שלעכט, פערברעכעריש אין אלע זיינע וועגען. זיין האנדלונג געגען בעללא'ן איז דאך א האנדלונג פון א מערדער, און זיין האנדלונג געגען מיר איז דאך נאך טויזענד מאל ערגער, היינט ווער ווייסט וויפיעל נאך אונגליק און טרעהרען דער אונמענש האט אויף דער וועלט געבראכט, וועהרענד איך בין בלויז אן אונשולדיגער קרבן פון א צווייטען באנדיט וואס איז נאך ערגער פון איהם. וואס בין איך דען שולדיג? האב איך מיך דען געקענט פערטיידיגען און האב עס ניט געטהאן?

פונדעסטוועגען האט עס זי ניט געלאזט רוהען. זי האט זיך געפיהלט ווי א געמיינע פערברעכערין געגען איהר מאן און נאך מעהר געגען איהר יעצטיגען געטרייען פריינד וואס זי האט אין איהר לעבען יעצט געפונען. זי האט זיך געפיהלט ווי א שטענדיגע ליגנערין. זי האלט אין הארצען פארבארגען א סוד פון איהר בעסטען פריינד.

— עס וואלט געווען כדאי צו וויסען, — האט זיא אפטמאל געקלעהרט, — וואס פריינד שטיינהארט וואלט געזאגט, ווען ער זאל זיך דערוויסען, אז דאס קינד וואס דער אלטער דר. לעבמאן האט אדאפטירט, איז מיינע א זינדיגע קינד, אז איך בין עס די מאמע וואס האב דעם קינד אונטערגעווארפען ביי די וויינגארטענס הינטער דער טיר. איך בין מעהר ווי זיכער, אז ער וואלט פון קיינע תירוצים ניט געוואלט הערען און וואלט פון מיר אנטלאפען ווי פון א פעסט!...

מרס. בראון האט דאריבער קיינמאל ניט געוואלט געהן מיט א וויזיט צו דר. לעבמאן. זי האט מורא געהאט פאר זיך אליין, טאמער וועט דאס קינד אין איהר ערוועקען עטוואס נייע געדאנקען. זיא האט אליין ניט געוואוסט וואס פאר געדאנקען דאס קען אין איהר ערוועקען, אבער זי האט מורא געהאט ווי פאר פייער, טאמער וועט עטוואס פארקומען וואס וועט פון איהר אוועקרייסען דיא פריינדשאפט פון איחר ליעבען מר. שטיינהארט וואס איז איחר פון טאג צו טאג אלץ מעהר און מעהר איינגעבאקען געווארען אין הארצען.

## 23טער קאפיטעל
## די מאנקי

איין מאל אין אן אבענד ווען לאיער שטיינהארט איז געקומען מיט א בעזוך צו מרס. בראון, האט ער איהר צווישען אנדערעס דערצעהלט, אז ער איז געווען ביי דר. לעבמאן, און האט ליידער קיין פערגעניגען ניט געהאט פון זיין וויזיט.

— ס'איז א מערקווירדיגע זאך, — האט ער געזאגט מיט גרויס מיטגעפיהל, — ווער וואלט עס געגלויבט, אז דיעזער דר. לעבמאן, וועלכער וועקט אזוי דיא וועלט צו לעבען און לאכען, סאי מיט זיין פעדער און סאי מיט זיין ווארט, ווער וואלט עס געגלויבט, אז ער אליין האט דעם ערגסטען און שרעקליכסטען פערביטערטען לעבען וואס מען קען זיך נור פארשטעלען.

— וואס רעדט איהר, פריינד שטיינהארט? — האט זי איתם אנגעקוקט פערוואונדערט, — ער איז דאך א מאן וואס ברענגט לעבען און פרייד וואוהין ער קומט נור אריין. זאל עס מעגליך זיין דיעזע ליכטיגע זון שיינט אזוי ערהאבען ארויס דורך פינסטערע וואלקענס?

— יא, מיין טייערע, פריינד לעבמאן איז דער אונגליקליכסטער מענש וואס איך האב ווען באגעגענט. איך האב זיך יעצט אליין אין דעם איבערצייגט. וואס קען דען זיין ערגער און טרויעריגער אז אין הויז דרעהט זיך ארום א וואהנזיניגע פרוי, א משוגענע פרוי, וואס דרעהט זיך ארום שטענדיג אין איחר שלאף חעמד און דיא איינציגע ווערטער וואס מען הערט זי רעדען איז: מיין זוהן האט געראטעוועט אמעריקא. מיין זוהן האט געמאכט די וועלט בעסער. און אלע ווייטלע צולאכט זי זיך מיט א געלעכטער וואס קען ארויסרופען טרעהרען אפילו ביי שטיינערנע ווענד. אונמעגליך צו מאכען זי זאל זיך אנטהאן, זי זאל זיך פערקאמען, זי זאל זיך ארומוואשען געהעריג — מען דארף שוין גארניט, שרייט זי, די וועלט איז שוין בעסער אזוי אויך.

הײנט האָט ער אַדאָפּטירט אַן אונטער־
געוואָרפענעם קינד איז עס אַ ריכטיגע
מאַנקי, עס האָט קיין שום צערטליכקייט
ניט אין זיך. א ווילדע בעשעפעניש. —
ווען לאַיער שטיינהאַרט זאָל געווען
אין דעם מאָמענט אַ קוק טהאָן אויף מרס.
באַראַן, וואָלט ער זיך געווען דערשראָ־
קען, אַזוי בלאַס איז זי געוואָרען, ווען ער
האָט דערמאָהנט איהר קינד און האָט גע־
זאָגט, אַז עס זעהט אויס ווי אַ ווילדע
מאַנקי, זי האָט געוואוסט די אורזאַכע.
דער פאָטער פון'ם קינד איז געווען אַ
ווילדע בריאה, און אַזוי איז זיין קינד.
וואָס אנבעלאַנגט צו איהר טייל אין דעם
קינד ווייסט זי פון גאָרנים. א בעוואוסט־
לאָזע האָט קיין טייל ניט געקענט האָבען
אין א בעשעפעניש וואָס איז געקומען
דורך געוואַלדטהאַט.

לאַיער שטיינהאַרט האָט פאַרטגע־
זעצט.

— איך קען גאָרניט פערשטעהן וויא
אַזוי דער מאַן לעבט ? ווי קען אַ מאַן
לעבען ווען ער האָט ניט אין זיין איי־
גענע היים צו ווערמען אַ וואָרט אויסרע־
דען. וואָס מיך וואונדערט נאָך מעהר
איז דאָס וואָס ניט קוקענדיג אויף דעם
שווארצען זאָלקען וואָס הענגט שטענ־
דיג איבער זיין אייגענער שוועל פּרע־
דיגט ער אימער ליכט און פרייד צו אַנ־
דערע. איך קען ניט פערשטעהן ווי אַזוי
קען זיין פעדער און זיין מויל אַרויסגע־
בען אַזעלכע זיסע וויצען און אַזאַ פּרעכ־
טיגען הומאָר וואָס מאַכט טויזענדע און
טויזענדע מענשען צו לאַכען, ווערהענד
זיין אייגענע האַרץ איז אימער אַזוי פער־
ביטערט און זיין מח אַזוי טרויעריג
ערנסט

אין דעם מאָמענט האָט זיך געהערט
א קלאַפּ אין טיהר פון מרס. באַראַן'ס
צימער, און אויף איהר ענטפער "קאָם־
אין", איז אַריינגעקומען פרוי ווייננאַר־
טען מיט אַ נייעס אַז זי ווערט מאָרגען
האָבען אַ גאַסט. זי האָט ערהאַלטען אַ
פּאָסטעל־קאַרד פון איהר מאַן, אַז ער
קומט מאָרגען צופאָהרען.

לאַיער שטיינהאַרט איז געוואָרען
שטאַרק פעראינטערעסירט צו וויסען ווי
אַזוי אַ מאַן וואָס איז ניט געווען עטלי־
כע חדשים אין דער היים שרייבט צו
זיין ווייב די גוטע בשורה, אַז ער קומט.

ער האָט געבעטען ביי פרוי ווייננאַר־
טען אַז אויב אין פּאָסטעל קאַרד זיינען
ניטאָ קיין סודות וואָס זי וויל אַז אַנדערע
זאָלען וויסען, זאָל זי זיין אַזוי גוט און
עס איהם צייגען.

פרוי ווייננאַרטען האָט געענטפערט אַז
קיין סודות זיינען אין פּאָסטעל קאַרד
ניטאָ, און האָט עס איהם דערלאַנגט מיט
פאָלגענדער סאַרקאַסטישער בעמערקונג:

— איך האָב נור מורא, אַז איהר ווערט
זיינע קאַטשערעס מיט לאַפּעטעס ניט
קענען איבערלעזען.

אויף איין זייט פון פּאָסטעל קאַרד איז
געווען געשריבען דער אַדרעס אין ענג־
ליש. א פרויען האַנדשריפט, וואָס דיא
טאָכטער האָט פאַר איהם וואַהרשיינליך
אָנגעשריבען.

אויף דער צווייטער זייט איז קיין שום
טיטול און קיין שום נאָמען ניט געווען
דערמאָהנט און מיט אַ האַנדשריפט וואָס
מען האָט קוים געקענט דערגעהן א טאָלק
און אַ ספּעלינג אָהן געזונד און אָהן
לעבען, האָט זיך דאָס פּאָסטעל קאַרד גע־
לעזען אין אידיש ווי פאָלגט:

"יעצט ווערט דיך די נכפה כאַפּען,
איך וועל מאָרגען פאַרנאַכט קומען צו־
ריק אַהיים, און וועל זיך מיט דיר
נעהמען רעכענען ווי מיט אַ טאַטען
— דו וועסט שוין ביי מיר קריינקען
אין שטוב. אין דער ערד וועסטו ביי
מיר געהן, ניט צו קיין מיטינגס מעהר.
איך וועל דיך מעהר ניט לאָזען זיך
אַרומשלעפּען ביז נאָך האַלבע נאַכט
צו פערזאָרגען די גאַנצע וועלט. איך
וויל זאָלסט מיך פערזאָרגען ניט קיין
אַנדערע. וועסט שוין ביי מיר מעהר
ניט געהן בעזוכען דעם "ממזר" אויך
— גענוג, דיינע גוטע יאָהר האָבען
זיך געפּעהלט, איך וועל זיך יעצט
נעהמען צו דיר. דיין מאַן שניאור
ווייננאַרטען.

קיינער האָט ניט געפּיהלט צו מאַכען
פּרושים און צו דעבאַטירען וועגען די־
זען פּאָסטעל קאַרד, און אום צו סטאַפּען

די אונאנגענעהמע שטימונג וואָס דאָס קליינע בריוועלע האָט געשאפען, האָט פרוי וויינגארטען זיך געווענדעט צו לאָיער שטיינהארט:

— יעצט איז די ריכטיגע צייט, — האָט זי געזאָגט, — איהר זאָלט אונז דערצעהלען פאר וואָס איהר זיינט אזוי לאנג א בחור געבליבען. איהר האָט מיר שוין איינינע מאָל פערשפּראָכען אז איהר וועט עס מיר דערצעהלען און עס איז אלץ ניט אויסגעקומען. ניט בלויז איך, נור אויך די מרס. באַראָן זיינען פעראינטערעסירט צו וויסען וואָרום אזא גוטער מענש ווי איהר זאָל האָבען פערשפּיעלט א גאנצע שטיק פון לעבען, וועהרענד איהר האָט געהאט אלע שאנסען צו חיראַטהען און פיהרען א פיינעם פאמיליען לעבען נאָך מיט פופצעהן אָדער אכצעהן יאָהר צוריק.

— אייער וואונש זאָל געשעהן, מיינע ליעבע פריינד, — האָט לאָיער שטיינהארט פּראָמפּט געענטפערט. — עס איז אמת, אז די געשיכטע ברענגט מיר זעהר א טרויעריגע עראינערונג, אָבער עס איז מעהר ניט ווי רעכט, אז איהר זאָלט עס וויסען. איך וויל ניט האלטען פערבאָרגען פאר אייך, איבערהויפּט פאר מרס. באַראָן, קיין שום געהיימניס ביי מיר אין הארצען. ווען צוויי הערצער דענקען ווען עס איז צו זיין פעראייניגט, טאָר צווישען זיי ביידע קיין שום סודות ניט פאָרקומען. זי דאַרף וויסען גענוי זיין פערגאנגענהייט, אזוי גוט ווי ער מוז וויסען ריכטיג איהר פערגאנגענהייט.

מרס. באַראָן חאָט א ציטער געטהאָן, אָבער מר. שטיינהארט האָט עס ניט בעמערקט, און חאָט פאָרטגעזעצט:

— איך זאָל ווערטה זיין ביי גאָט, וואָלט איך שוין יעצט געהאט פיינע ערוואקסענע קינדער. ווען איך בין אלט געווען איין און צוואנציג יאָהר, נור וואָס איך חאָב אנגעפאנגען פּראַקטיצירען לאָא, האָט מיך דער שיקזאל צוזאמענגעבראכט מיט א מיידעל וואָס חאָט אויסגעזעהן מעהר מלאך ווי מענש. איך חאָב נאָך אין מיין לעבען אזא רייצענדע שעהנהייט ניט געזעהן. א קאָפּ מיט גאָלדענע האָר, באקען ווי די רויזען און צוויי אויגען ווי צוויי ליכטיגע בריליאנטען.

ס'איז געווען מיין ערשטע ליעבע און זי חאָט אנגעצונדען א העלישען פייער אין מיין נשמה. איך האָב אָהן איהר ניט געקענט לעבען. מיינע עלטערען זיינען געווען רייך, קיין געלד האָט מיר ניט געפעהלט און איך האָב אויף איהר געשפּענדעט א פערמעגען. אין אלע קלאָבּס וואו איך חאָב בעלאנגט, אין אלע סאָסייעטיס וואו איך בין געווען א מעמבּער האָב איך זי אויך גענומען. זי איז געווען אָרים, א בוד קיפּערין, אין א דזשולערי געשעפט, אָבער אזוי שנעל ווי זי האָט זיך מיט מיר בעקאנט, האָט איהר שוין קיין געלד ניט געפעהלט. איבעראל וואוהין זי איז מיט מיר געגאנגען האָט זי נעגעבען גרויסע נדבות, געשפּענדעט געלד רעכטס און לינקס, אזוי אז מען האָט געמיינט, אז זי איז עפּעס א רייכע יורש'טע — אָבער דאָס איז אלץ געווען מיין געלד.

מיר האָבען איינס דאָס אנדערע ליעבע ערקלעהרט, און זי האָט אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק אז זי ליעבט מיך נאָך טויזענד מאָל שטארקער וויא איך ליעב זיא.

ריידענדיג מיט איהר חאָט זי אויסגעזעהן די עהרליכקייט אליין, ווען יעמאנד זאָל מיר געווען זאָגען א שלעכט וואָרט אויף איהר, וואָלט איך יענעם געווען אנגעשפּיגען אין פּנים אריין. וויא קען דען א מלאך זיין שלעכט — ווי סען דען די ליכטיגע זון זיין שווארץ?

איך בין אזוי מיט איהר ארומגעגאנגען, א גליקליכער מענש אויף דער ערד, צוויי יאָהר כסדר. מיין ליעבע צו איהר איז גרעסער און ערנסטער געוואָרען פון טאָג צו טאָג. ענדליך האָבען מיר בעשלאָסען צו הייראטהען. און איך חאָב אנגעפאנגען מאכען אלע נויטיגע פּאָרבערייטונגען עס זאָל זיין א חתונה ווי עס פּאסט פאר איינעם וואָס איז אזוי גליקליך געווען ווי איך און קריגען די פיינסטע פרוי אין דער וועלט.

איך האָב בעשטעלט דעם רייכען אריסטאָקראַטישען האָטעל סאַוואָי פאר

דעם הייליגען פּלאַץ, וואו איך און מיין געליעבטע וועלען אונטער דער חופּה שטעהן. איך האָב געאָרדערט א רייכען סאַפּאר פאר הונדערט געסט צו צוואַנציג דאָלאַר א פּלייט. איך האָב פּאָרבעריטעט רייכע סאָוועניִרס פאר דיא געסט אלעס מיט דער ברייטער האַנד, ווייל דענקענדיג וועגען מיין שעהנער געטין, האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אז איך בין דער רייכסטער און דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט און קיין זיך איז ניט געווען צו טייער פאר מיר צו פערשאַפען מיין געליעבטער אזוי פיעל פּלעזשור ווי עס איז נור מעגליך מיט גוטען ווילען און מיט געלד צו בעקומען.

איך האָב שוין זאָגאר געהאט בעהאט בעשטעלט אונזער האָנימון טריפּ צו פאָהרען נאָך בערמודא — אלעס איז געווען פיקס און פערטיג פאר מיין גליקליכע האָכצייט.

מיט אמאָל איז מיר אויפגעקומען אויף מיינע געדאַנקען, איך זאָל מיין אלטען אויטאָמאָביל פערקויפען און קויפען א נייע, א בעסערע און א שעהנערע מאשין. א מאשין וואָס זאָל פּאסען פאר מיין שעהנער פּרינצעסין. איך חאָב דאריבער אריינגעשטעלט א קליינע אנאָנסע אין צייטונג, אז איך וויל פערקויפען מיין מאשין פאר א גאנץ מעסיגען פּרייז.

גלייך אויף'ן צווייטען טאָג איז צו מיר געקומען א יונגער מאַן פון א יאָהר דרייסיג אָדער פינף און דרייסיג, האָט אויסגעזעהן צו זיין א קיובאנער, און האָט מיר געזאָגט, אז ער וויל אָנקוקען די מאשין און אויב זי איז אין אָרדנונג וועט ער זי קויפען.

איך האָב איהם געצייגט די מאשין. אלעס איז געווען אין אָרדנונג, מיר האָבען זיך אויסגעגלייכט מיט'ן פּרייז, און ער האָט צו מיר געזאָגט ווי א דזשענטעלמאן:

— יעצט, מיין הערר, ווען מיר זיינען פערטיג מיט'ן פּרייז, וועל איך אייך בעטען איהר זאָלט זיין אזוי גוט און מיט מיר צוזאמען פאָהרען טאקע מיט אייער מאשין נאָך פאר־ראקאָוועי. איך וויל מיט מיט דיעזער מאשין מאכען א סורפּרייז מיינער א געליעבטער, זעהר א שעהנע יונגע דאמע, איך לעב שוין מיט איהר א פּאָר יאָהר ווי מאַן און פרוי, איך גיב איהר פון צייט צו צייט קליינע מתנות, יעצט ווען איך וועל איהר געבען אזא פּרעזענט, פאר וועלכען איך דאַרף אייך בעצאָהלען פופצעהן הונדערט דאָלאַר, איז מעהר ניט ווי רעכט אז איך זאָל איהר בעפאָר צייגען די מאשין. טאָמער גלייכט זי גראָדע ניט אזא סאָרט מאשין. איך בין אזוי גוט ווי זיכער, אז זי וועט זיך פערלאָזען אויף מיין מבינות, ווייל וואָס ווייסט זי וואָס און ווען א מאשין דאַרף זיין — דאָך וויל איך זי שטעלען צופריעדען. עס וועט נעהמען א שטונדע וועלען מיר זיין אין פאר־ראקאָוועי, און אז זי וועט נור זיין צופריעדען, קריגט איהר פון מיר גלייך א טשעק אָדער קעש.

איך האָב געזעהן, אז דער יונגער מאַן רעדט ווי א סוחר, בין איך מיט איהם געפאָהרען. עס האָט גענומען נאָך עטוואָס וועניגער ווי א שטונדע און מיר זיינען צוגעפאָהרען צו א פיינעם האָטעל, ניט ווייט פון ברעג ים.

— יעצט, — האָט זיך צו מיר דער יונגערמאַן געווענדעט, — וועט איהר זיין אזוי גוט און וועט אריינגעהן צוזאמען מיט מיר דאָ אין רום 270, און ווען איהר וועט זעהן מיין געליעבטע וועט איהר צוגעבען, אז וויפיעל איך זאָל פיר איהר ניט ספּענדען איז זי רק ווערטה מעהר.

— ס'איז אייערע א כלה? — האָב איך ביי איהם אויס נייגיערינקייט געפרעגט, און חאָב דאן געדענקט פון מיין ליעבער כלה.

— ניין, — חאָט מיר דער יונגערמאַן געענטפערט, — איך חאָב א פיינע פרוי מיט צוויי קינדער. — זי איז גלאט אזוי זיך, פון פרעהליכקייט וועגען...

און אזוי רעדענדיג האָט אונז דער עלעווייטאָר מאַן ארויפגעפיהרט צום צימער 270 און דער מאַן האָט דרייסט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— ס'איז דו, דזשעק? — חאָט א קלינגענדע שטימע געפרעגט פון אינ־

וועניג. — ווארט א מינוט, איך וועל אויף זיך ארויפכאפּען א קימאָנא, איך געה נאקעט.

די שטימע איז מיר עפּעס פאָרגעקומען עפּעס מאָדנע בעקאנט, אָבער איך האָב קיין צייט ניט געהאט פיעל צו טראכטען, באלד האָט זיך די טיר ברייט געעפענט, און איך האָב דערזעהן פאר מיינע אויגען מיין ליעבע, שעהנע, רייצענדע כלה איינגעהילט אין א הימעל בלויע סילק קימאָנא, די שעהנע גאָלדענע האָר צואוואָרפען ריכטיג ווי א מכשפה, און איך קען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט פערשטעהן ווי אזוי איך האָב אין דעם מאָמענט קיין אַפּאָפּלעקסיע ניט בעקומען.

איך האָב ניט געגלויבט מיינע אייגענע אויגען וואָס זיי האָבען געזעהן.

— פיעלייכט איז עס נור א שרעקליכער חלום? — האָב איך זיך געטראכט, און האָב אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטימע:

— מיין גאָט! דאָס ביסט דו? — —

— יא, — האָט זי געשטאמעלט, — דאָס בין איך.

איך האָב מיר אָנגענומען אזוי פיעל מוטח און קוראזש פיפיעל איך האָב נור געקענט, און האָב דערצעהלט דעם יונגען קיובאנער די גאנצע געשיכטע.

אָבער ער האָט זיך אויסגעלאכט.

— אזעלכע זאכען זיינען טעגליכע פאסירונגען איבער דער גאנצער וועלט, — האָט ער געזאָגט. — נאָך א קאר און נאָך א פרוי זאָלט איהר זיך קיין מאָל ניט יאָגען, אז ניט די קומט באלד אן אנדערע.

איך האָב געזעהן מיט וועמען איך האָב דאָ צו טהאָן בין איך אוועק צוריק אין מיין אויטאָמאָביל און האָב זיך מיט מיין געוועזענער געליעבטער אפילו ניט געזעגענט.

איך האָב געזעהן מיט וועמען איך האָב און ניט געוואָלט צייגען איהר ווי ווייט דער דאָנערקלאָפּ האָט מיך דערשלאָגען, אָבער קומענדיג אהיים בין איך גלייך קראנק געוואָרען פון שרעקליכע עגמת־נפש און פון בייִנקעניש, איך בין אָפּגעלעגען ניין וואָכען אין א שווערען טיפוס, אזוי איז מיין לעבען געהאנגען אויף א האָר, אָבער ווי געזאָגט, דער מענש איז אמאָל שוואכער פון א פליעג און אמאָל איז ער שטארקער פון אייזען. איך האָב אלעס אריבערגעטראָגען, און באלד ווי איך בין געזונד געוואָרען האָב איך געמאכט א רייזע נאָך איירעָפּא, וואו איך האָב ארומגערייזט איבער צוויי יאָהר. דאן האָב איך זיך אומגעקעהרט צוריק אהיים מיט א פעסטען בעשלוס, אז מעהר זאָל איך וועגען הייראטהען אפילו ניט דענקען.

יעצט, מיינע ליעבע פריינד, — האָט לאָיער שטיינהארט געענדיגט זיין ערצעהלונג, — קענט איהר מיר פערדענקען וואָס איך בין אזוי לאנג געבליבען סינגעל? ווער וואָלט דען אויף מיין פלאַץ אַנדערש געהאנדעלט?

— און זייט דאן האָט איהר זיך מיט איהר קיינמאָל ניט בעגעגענט? — האָט פרוי וויינגארטען געפרעגט.

— איינמאָל בלויז האָב איך זי נעזעהן אין א האָספּיטאל, וואו איך בין א דירעקטאָר. זי האָט דאָרטען געארבייט אלס א נוירס. זי האָט נעבאך אויסגעקוקט זעהר שלעכט, דעם גאנצען אמאָליגען חן פערלאָרען. ס'איז א מאָדנע זאך, — האָט ער געזאָגט, — עס איז שוין א יאָהר אכט אין דעם ווען איך האָב זי אין האָספּיטאל בעגעגענט. מיין הארץ האָט מיר דאן אָנגעפאנגען פעסט צו קלאַפּען, אנשטאט צו זיין אויף איהר בייז האָב איך געפיהלט צו איהר גרויס סימפּאטיע, און בין נעוועזן בערייט צו טהאָן פאר איהר פיעל זאכען מיט וועלכע איך האָב געקענט פערלייכטערען א ביסעל איהר טרויעריגען שיקזאל, אָבער ווען זי האָט מיר גענומען דערצעהלען, אז זי האָט פון'ם קיובאנער א קינד געבוירען, אז ער האָט זי אם ענדע פערלאָזען און זי האָט דאָס קינד געמוזט פערקויפען צו א קינדערלאָזע פאמיליע, זאָנסט איז פאר איהר אונמעגליך געווען ארויסצוגעהן אין דער גרויסער וועלט טרייען צו מאכען א לעבען — דאן האָב איך מיט אמאָל אָנגעפאנגען פיהלען צו

איהר א ביטערען האס. איך האב געזעהן
אז איך האב צו טהאן מיט א פרוי וואס
איז מעהר טייפעל ווי מענש — ניט זי
האט א געפיהל פאר ליעבע און ניט פיר
מוטערשאפט, און איך האב ניט געוואלט
מעהר קיין שום אינטערעסע נעהמען אין
אזא פערזאן. עס איז טרויעריג גענוג ווען
א פרוי איז אזוי שלעכט צו קענען פער־
שוועכען איהר הייליגקייט אלס פרוי,
אבער עס איז נאך טויזענד מאל מעהר
טרויעריג ווען א פרוי קען זיין אזוי
שלעכט צו פערשוועכען איהר הייליג־
קייט אלס מאמע — וואס איז די הויפט
מיסיאן פון א פרוי׳ס לעבען.

— וואס מיינט איהר מיט די ווערטער
דאס איז די הויפט מיסיאן פון א פרוי׳ס
לעבען? — האט מרס. בארואן געפרעגט
מיט א ציטערענדער שטימע.

— איך וועל אייך באלד ערקלעהרען
וואס איך מיין, — האט לאיער שטיינ־
הארט געענטפערט נאכדענקענד, — דיא
נאטור צייגט אונז גאנץ קלאר אז דיא
הויפט מיסיאן פון א פרוי אין לעבען איז
צו בריינגען קינדער אויף דער וועלט, צו
אנהאלטען דיא מענשהייט. דיא נאטור
פרעגט ביי קיינעם קיין דעה ניט, אזוי
האט זי געוואלט און אזוי איז עס.

— פון וואנען נעהמט איהר עס,
פריינד שטיינהארט, אז די גאנצע מיסיאן
פון דער פרוי איז צו ברענגען א מענש־
הייט? — האט די פרוי וויינגארטען
געפרעגט, צייגענדיג גרויסע אינטערעסע
אין דיעזער ערקלעהרונג.

— איך האב וועגען דעם געלעזען א
זעהר אינטערעסאנטע אפהאנדלונג פון
אונזער אלעמענס פריינד, דר. לעבמאן,
— האט לאיער שטיינהארט געענטפערט.
— ער צייגט אונז איבער פון דער פרוי׳ס
לעבען אליין, אז זי איז נור צוליעב דעם
בעשאפען געווארען אום אויפצוהאלטען
דאס מענשליכע עקזיסטענץ. די נאטור
האט דער פרוי געגעבען א מערקווירדיגע
קראפט צו קענען אויסהאלטען און איי־
בערטראגען און באלד נאכהער פערגעסען
אלע גרויסע וועהטאגען און שמערצען
וואס זיינען פערבונדען מיט יעדען גע־
בורטה פון א קינד. ווען א מאן זאל דאר־
פען דורכגעהן א פראצעס פון אזעלכע
וועהטאגען, ווען ער וואלט אפילו זיין א
ריעזע, וואלט ער עס ניט אויסגעהאלטען,
ווערענד די פרוי פיהלט אין איהר סאמע
בליהונג, אין דער צייט וואס זי האט
קינדער, ניט קוקענד דארויף וואס דאס
טראגען און האבען און דאס ערציהען
פון קינדער איז פערבונדען מיט שרעק־
ליכע שווערינקייטען און אהן אויפהער־
ליכע טראבעלס פאר דער פרוי.

לאיער שטיינהארט האט בעמערקט די
אויפמערקזאמקייט מיט וועלכער דיא
פרויען הערען איהם אויס און ער האט
פארטגעזעצט.

— עס איז מערקווירדיג! ווער קען
שטודירען דאס הארץ פון א מאמע? ווי־
פיעל שמערצען און ליידען מאמעס
שטעהען אויס פון קינדער. דאך וואלט
זיך יעדע מאמע גערן געלאזט הרג׳ענען
פאר איהר קינד! עס איז ניטא אויף
דער וועלט נאך א ליעבע אזעלכע וואס
זאל זיך קענען פערגלייכען צו דער ליע־
בע וואס א מאמע פיהלט צו א קינד?

— פון וואנען זשע נעהמט זיך עס,
פריינד שטיינהארט, וואס מיר בעגעגע־
נען אין לעבען, אז מאמעס לאזען זייע־
רע אייגענע קינדער אויף הפקר? וואס
איז אייער מיינונג וועגען אזא מאמע
וואס האט גענומען איהר אייגען קינד
און האט עס געלאזט ביי מיין טיהר און
וויל דערפון מעהר ניט וויסען?

מרס. בארואן האט א ציטער געטהאן,
און האט פערדרעהט דעם קאפ צו דער
ווינדאו אום אויסצומיידען זייערע בליי־
קען.

— אזא פרוי איז נאך מיין מיינונג
ניט ביי איהר נארמאלען פערשטאנד,
— האט ער געענטפערט נאכדענקענד.
— די נאטור פון א מענשען איז, אז
ער זאל אויף זיך אליין אויפפאסען עס
זאל איהם קיין בייזעס געשעהן, עס זאל
איהם קיין גליעד ניט וועה טהאן, און
ווען איהר וועט זעהן אז איינער שטעהט
און שלאגט און צוקאליעטשעט זיך
אליין, קענט איהר זיך ניט העלפען און
מוזט קומען צום בעשלוס, אז דיעזער מאן
איז א משוגענער. פונקט דאס זעלבע

איז מיט א מאמע וואָס פערלאָזט איהר אייגען קינד, איהר בלוט און פלייש. די נאטור פון א מאמע איז זיך צו לאָזען מקריב זיין פאר איהר קינד, און דיא וואָס שלאָגט זיך אליין און רייסט אָפּ א שטיק פון איהר נשמה און ווארפט עס אוועק הינטער א פרעמדער טיהר אויף הפקר — מוז זיין גערירט פון זינען, זאָנסט וואָלט זי עס ניט געטהאָן.

מרס. בּראָן האָט געפיהלט, אז זיא מוז יעצט נעהמען דאָס וואָרט, ווען ניט ווע זי איהר נערווען־אַנשטרענגונג נישט קענען אריבערטראָגען. צווייטענס האָט זי טאקע געוואָלט וויסען איין מאָל פאר אלע מאָל וואָס קלוגע מענשען דענקען וועגען אזא פאל ווי מיט איהר האָט פּאסירט.

— יעצט וועט איהר זיין אזוי גוט, פריינד שטיינהארט, און וועט מיר ענטפערען אויף מיינע א פראגע וואָס איך וועל ביי אייך פרעגען, איך וויל אז איהר און פריינדין וויינגארטען זאָלען מיך גענוי אויסהערען און געבען אן אונפּארטייאישען אנטוואָרט.

היער איז מיין פראגע: אין דער צייט פון א מלחמה, ווען א פיינע, אנשטענדיגע פרוי בלייבט אליין אין דער היים, וועהרענד איהר מאן איז אוועק אין דער מלחמה קעמפפען פאר זיין פאטערלאנד, און זי, די דאָזיגע עלענדע איינזאמע פרוי, פאלט אריין אין געפענגנים און א ווילדער, א העסליכער, א ברוטאלער קאָזאק שליידערט זי צו דער ערד און זי בלייבט א בעוואוסטלאָזע, און ווען זי ערוואכט דערזעהט זי איהר שאנד, און דערפיהלט איהר וועהטאָג — וואָס קען זי דאן טהאָן, ווען זי געפינט זיך אליין אויף'ן פרייען פעלד, און דער באנדיט איז שוין אויך ניטאָ צו וועמען זי זאָל קענען איהר ביטער הארץ אויסלאָזען? יעצט לאָמיר, צום ביישפּיעל, נעהמען אביסעלע ווייטער — ווען דיעזע פרוי זעהט זיך שפּעטער ארום, אז זי האלט ביי ווערען א מוטער, און זי בעטראכט זיך, אז באלד וועט איהר מאן צוריק קומען און נאָך זיין שרעקליכע פלאגעניש אין די טרענטשעס, וואו דער שארפער שווערד איז אימער איבער זיין קאָפּ געהאנגען, וועט ער ענדליך קומען זוכען רוהע און ערהאָלונג אונטער די פליגעל פון זיין היים און זיין פרוי — און וועט געפינען אז זיין ליעבע פרוי איז געוואָרען א מאמע פון א בייבי, וואָס בעלאנגט צו א ווילדען ברוטאלישען קאָזאק — קענט איהר זיך פאָרשטעלען וואָס פאר א טראגעדיע דאָס וואָלט געווען פאר'ן מאן אזוי גוט ווי פאר דער פרוי? גלויבט איהר ניט, אז אזא פרוי האָט פאָלשטענדיג רעכט דאָס קינד צו האסען און עס אפילו אין ים אריינווארפען אום צו רעטען דאָס פאמיליען לעבען פון איהר און פון איהר מאן?

צום ערשטען מאָל זייט זיי זיינען בעקאנט מיט איהר האָבען זיי זי געהערט רעדען מיט אזא הארציגע בעגייסטערונג, ווי זאָ וואָלט זיין א לאָיער און וועלען מיט איהר רעדע מאכען א טיעפען איינדרוק אויף א דזשורי.

לאָיער שטיינהארט האָט מיט א גאנץ געלאַסענעם טאָן איהר געענטפערט.

— די צייט פון מלחמה האָט מיט געוועהנליכע צייטען און געוועהנליכע פּאסירונגען גארניט צו טהאָן. מלחמה האָט אן אנדער מאָראל און אנדערע געזעצע. אין מלחמה צייט זיינען אלע משוגע און פיר א דול הויז קענען קיין רוהיגע געזעצע ניט עקזיסטירען. אייערע ווערטער, מאדאם בּראָן, וואָלטען געווען א ברילאנטענע פערטיידיגונג פאר א מלחמה קרבן וואָס ווערט בעשולדיגט אין ערמאָרדען איהר אונגעזעצליכע קינד. אָבער מיר רעדען פון א געוועהנליכער צייט, ווען די וועלט לעבט אין פריעדען, דאָמאָלס ווען א מאמע טרייעט צו פּטור ווערען פון איהר קינד אויף א געהיימען וועג איז זי אן אויסנאחם, און האָט קיין רעכט זיך צו צייהלען צווישען די נאָבעלע נשמות וואָס שטעלען צוזאמען די מוטערס פון דער מענשהייט.

— איהר זייט א צו שטרענגער ריכטער, — האָט זי פּארטגעזעצט מיט דער זעלבער בעגייסטערונג. — איך ווייס אליין פון א פאקט ווי א איד האָט אטאקירט א פיינע אנשטענדיגע פרוי וועה־

רענד איהר מאן איז געווען אין איירא־
פא, און מיט א פאר מאנאטען איידער
איהר מאן האט געדארפט קומען האט
זי דאס אונגעזעצליכע קינד געבוירען,
דערנקט איהר, זי האט געדארפט האלטען
די בייבי ביי זיך און דערמיט בעגריסען
איהר מאן צום צוריק־קומען?

און זי האט געשילדערט גענוי
מיט אלע איינצעלהייטען דעם אונגליק
וואס האט מיט איהר פאסירט. זי האט
פארגעשטעלט דעם באנדיט ריכטיג ווי
ער האט אויסגעזעהן, און נאכדעם ווי
זי האט פאר זיי אלעם געמאהלען מיט די
ריכטיגע פארבען פון דער ווירקליכקייט,
האט זי זיך געווענדעט דירעקט צו לא־
יער שטיינהארט און האט ביי איהם גע־
פרעגט:

— קענט איהר אזא פרוי בעשולדיגען,
ווען זי האסט דאס קינד, וואס איז גע־
קומען אויף אזא ארט און ווייזע דורך
א געמיינע גוואלדטהאט פון א באנדיט
וואס איז ערגער פון דער ווילדעסטער
חיה וואס לויפט ארום אין פוסטע וועל־
דער? קענט איהר אזא פרוי בעשולדי־
גען ווען זי וויל אזא קינד ביי זיך ניט
האבען?

— וועלל, — האט לאיער שטיינהארט
געשטאמעלט, — איך זאג אייך דעם
אמת, איך גלויב קוים אז עס זאלען זיך
געפינען אזעלכע געמיינע אידען אויף
דער וועלט. לויט איהר דערצעהלט, אז
איהר ווייסט פון דער קייס, קען אבער
געמאלט זיין, אז איהר ווייסט ניט אלעס.
מעגליך אז מען האט פון אייך פיעל זא־
כען פערבארגען — — — —

— איך שווער אייך ביי אלעס וואס
ביי א מענשען איז הייליג און טייער,
— האט זי אויסגערופען מיט גרוים אויפ־
רעגונג, אז אלעס וואס איך האב אייך
דערצעהלט וועגען דער פרוי און וועגען
דעם באנדיט איז הייליג ווי דער טאג.
איך האב ניט איבערטריבען א האר, איך
בין אין דעם פאלשטענדיג זיכער.

— מיט וואס זיינט איהר עס אזוי
זיכער? — האט ער געפרעגט.

— ווייל דיעזע פרוי בין איך אליין!

— האט זי געענטפערט און האט איהם
געקוקט גלייך אין די אויגען, — און
דאס געפונענע קינד וואס די גוטע פרוי
וויינגארטען האט אוועקגעגעבען צו דר.
לעבמאן איז מיין קינד!

## 24טער קאפיטעל
## דער רויטער מזיק

א שעהנער פריהמארגען אין מאנאט
מאי.

די שטראהלען פון דער זון האבען
ליכטיג אריינגעשיינט אין די פענסטער
פון דר. לעבמאן'ס שרייב־צימער.

זיין הארץ איז געווען פערביטערט פון
זיין עלענד און איינזאמקייט. דער צו־
שטאנד פון זיין פרוי איז געווארען ער־
גער און שלימער פון טאג צו טאג. די
קעסטעלאך פון איהר מארך זיינען פאל־
שטענדיג צוגעשלאסען געווארען. זיא
האט מעהר גארניט געדארפט און גארניט
פערלאנגט.

אין דער זעלבער צייט איז זיין נשמה
געווען פול מיט ליעבע און לעבען.

גרויסע נשמות ווערען קיינמאל ניט
אלט.

דר. לעבמאן איז געזעסען ביי זיין
דעסק און האט געדענקט וועגען פרוי
וויינגארטען, ווי א צוואנציג יעהריגער
באי טראכט וועגען א געליעבטע וואס
איז אזוי יונג ווי ער.

ליעבע איז ווי דער מעכטיגער אדלער
וואס קיינער קען ניט וויסען ווי אלט
ער איז.

דר. לעבמאן איז אויפגעשטאנען פון
שרייב־טיש, האט אנגעפאנגען ארומגעהן
איבער'ן צימער הין־און־צוריק און דעק־
לאמירען צו זיך אליין פאלגענדעס ער־
האבענס ליעד פון'ם גרויסען אידישען
פאעט ש. פרוג — דער אדלער:

קוקט שוועלבעלעך מיינע
ווי רוהיג און ברייט
די גרויסע, די מעכטיגע
פליגעל צושפרייט,
ער שוועבט צו די שטראהלען...
וואוהין, פרעגט איהר, האלט ער
זיין לוסט־רייזע, דער אדלער —
דער אדלער דער אלטער?

ער שטרעבט צו דער
אייביגער געטליכער שיין...
זיין הארץ ווייס פון שרעק ניט,
זיין קאָפּ ניט געבויגען
ניט פינטלענדיג קוקען אין הימעל
אריין
די ליכטיגע אָדלערשע אויגען...

ווי אַלט איז ער?
פרעגט ביי דעם רוישענדען וואלד
און פרעגט ביי די פעלזען
און פרעגט ביי די שטראָמען,
וואס פליסען אין וואלד פון די פעלזען.
ווי אלט?

עס זינגען א הערליכע
לויב צו זיין נאָמען
די שטערען... די וואלקען
זיי ווייסען די צייט,
ווען ער האט אין לעבען געליטען
ווען ער האט די פעדערען זיינע
געביטען
זיין ארלערשע יונענד בענייט...

---

מיט אמאָל האָט ער געהערט ווי די בעל האָט נערונגען.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טיר.

עס איז געווען דער בריעף־טרעגער, וואָס האָט געבראכט צו איהם די מארגען־פּאָסט.

פון'ם גאנצען פּעקעל בריעף און צייטונגען וואָס ער האָט בעקומען, האָט ער געכאַפּט צום ערשטען א דיקען ענוועלאָפּ און האָט געעפענט מיט א לייכטען שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— איך גלייך צו לעזען איהרע בריעף — האָט ער צו זיך אליין געמורמעלט.

עס איז געווען א בריעף פון פרוי וויינגארטען, א בריעף פול מיט גרויסע וויכטיגע נייעס.

דאָס איז געווען דער אינהאלט פון בריעף:

מיין ליעבער פריינד דר. לעבמאן: —

צו אלעם ערשטען וויל איך אייך בעטען איהר זאָלט מיר פערצייהען וואָס איך וועל ביי אייך יעצט פערנעהמען יעהר פיעל צייט מיט מיין שרייבען.

איך קען מיר ניט העלפען, מיין הארץ איז מיר פול און פאר וועמען קען איך מיין הארץ אויסגיסען ווען ניט פאר מיין איינציגען פריינד וואָס איך פערמאָג אין דער וועלט?

איך האָב פאר אייך יעצט א וועלט מיט נייעס — אָבער אלץ טרויעריגע, שרעקליכע נייעס; איהר וואָלט אין לעבען ניט געגלויבט אז זאָ וואָס זאָל קענען פּאסירען. איך ווייס, אז איך וואָלט עס זיכער ניט געגלויבט.

איך בין יעצט אזוי צומישט, אז איך קען מיר נים צוזאמענשטעלען מיינע געדאנקען אין אָרדנונג צו שרייבען מיין בריעף מיט א סיסטעם.

אָבער איך וועל עס פּרובירען.

מיין ליעבער פריינד, חבר פון מיין נשמה! גיט מיר אָב מזל־טוב. איך האָב א גאסט, מיין "ליעבער מאן" איז נעקומען.

איהר געדענקט וואהרשיינליך גוט, אז ווען נור מיר האָבען בידע גערעדט וועגען ליעבע און לעבען, האָב איך פאר אייך אימער בעטאָנט אז אזוי לאנג ווי מיין מאן איז צו מיר ניט פאלש קען איך ניט און וועל איהם ניט פערראטען, טראָץ דעם וואָס ער איז קיין מאָל מיין גלייכען ניט געוועזן און איך האס איהם ווי דעם טוים.

איך האָב זיך נור געקענט פון איהם דערווייטערען אָבער איך האָב עס געהאלטען פאר אן אונרעכט איך זאָל אין דער זעלבער צייט זיך דערנעהנטערען צו אן אנדערען.

יעצט בין איך פריי.

יעצט איז מיין געוויסען ריין.

איך פיהל מיך מעהר מיט קיין זאך ניט פערבונדען צו דיעזען ווילדען טיראן. ווען איך האָב אייך יעצט נעבען מיר, און ווען איהר זאָלט זיין א פרייער מאן, וואָלט איך אייך אויף'ן האלז געפאלען און וואָלט אייך מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען: מיין ליעבער דר. לעבמאן! נעהמט מיך אלס אייער לעבענס־בעגלייטערין פאר דיא לעצטע עטליכע יאָהר וואָס מיר האָבען נאָך דורכצומאַכען אין לעבען! איך וועל טהאָן פאר

איך אלעס וואָס א גוטע פרוי איז אין שטאנד צו טהאָן פאר א דזשענטעלמאן.

— אָבער חערט פריהער מיינע שרעקליכע נייעס וואָס איך האָב אייך יעצט איבערצוגעבען:

מיין מאן (איך האס איהם צו רופען יעצט מיט אזא הייליגען נאָמען) איז געקומען אהיים לעצטען זונטאָג צעהן אזייגער ביינאכט. ער איז שוין דריי טעג אין דער היים.

ער איז אריינגעקומען אין הויז ווי א רוצח, ווי א מערדער. ער האָט זיך גלייך גענומען פיך סטראשען אז יעצט וועט ער מיט מיר לערנען בלק, איך בין זיין פרוי, און ער קען טהאָן מיט מיר וואָס ער וויל.

איך האָב געשוויגען, איך האָב איהם א וואָרט ניט געענטפערט. איך בין אריינגעגאנגען צו פרוי באראָן אין צימער, און האָב איהם געלאָזט ארומגעהן אין פראָנט און שרייען וויפיעל ער וויל.

אז איך האס דעם מאן איז מיר גאנץ גלייך אויב ער שילט מיך אדער ער זאָל מיך בענשען.

מיט אמאָל איז ער צוגעקומען און האָט א ריס געטהאָן די טיהר מיט אזא אימפּעט אז דער פּעטענט שלאָס האָט זיך אָפּגעבראָכען און די טיר האָט זיך ברייט געעפענט.

אָה, גאָט! איך וועל דעם מאָמענט ניט פערגעסען, ביז מען וועט מיר לייגען שערבלאך אויף די אויגען. אזוי שנעל ווי ער האָט זיך אויף דעם שוועל בעוויזען און די מרס. באראָן האָט אויף איהם א קוק געטהאָן האָט זי ארויסגעלאָזט א היסטערישען געשריי: דער רויטער מזיק! ער איז אייער מאן דער דאָזיגער ווילדער, נידערטרעכטיגער באנדיט וואָס האָט אזוי ברוטאליש געשענדעט א ריינע און אונשולדיגע אידישע טאָכטער!...

איך האָב א קוק געטהאָן אויף דער פרוי, בין איך א פערציטערטע געוואָרען, איך האָב נאָך אין מיין לעבען ניט געזעהן אזא בלאסקייט, אזעלכע אויגען און אזא אויפרעגונג. איך האָב מורא געהאט פיעלייכט איז זי פון זינען אראָפּ.

ער האָט אויף איהר געקוקט מיט א קאלטבלוטיגקייט פון א קאלטען מערדער, ווי ער וואָלט זיך וועלען אין עפּעס דערמאָהנען.

— נאָך שנאפּס ביזטו צו מיר געקומען, דו מערדער! — האָט זי געשריען מיט איהרע לעצטע קרעפטען, געה נעהם אָפּ דיין ממזר ביי דר. לעבמאן!...

מעהר האָט זי קיין קרעפטען געהאט צו שרייען. זי האָט זיך געלאָזט לויפען צו איהם, אָבער זי איז אנידערגעפאלען צום פלאָר בעוואוסטלאָז.

פון זונטאָג האלב נאָך צעהן אבענד ביז מאָנטאג נאָך מיטאָג האָט זי געהאלטען אין איין חלש'ן. אָט האָט מען זי אָפּגעמינטערט און אָט האָט זי ווידער גע'חלש'ט. יעצט ליגט זי א קראנקע אין האָספּיטאָל, און איך שרייב דיזען בריעף אין איהר קראָנקען־צימער.

„דער רויטער מזיק" איז אזוי דערשראָקען געוואָרען פון'ם סורפּרייז, אז ער איז אויך צומישט געוואָרען, און אנשטאט אין גאנצען זיך אָפּצוטרייסלען פון דעם ווילדען פערברעכען וואָס ער האָט בעגאנגען, האָט ער אָנגעהויבען דרעהען מיט'ן צונג אחין און אחער, און האָט זיך גענומען כלומרשט פערטיידיגען דערמיט, אז זי איז געוועזן אן עפּענטליכע שאנד־פרוי, אז ס'איז גאָרניט געוועזן נויטיג צו אָנווענדען געוואלד־טהאט. ער קען ברענגען צעהן אידען וואָס וועלען עדות זאָגען אז זיי זיינען אויך געוועזן מיט איהר..

איך ווייס ניט ווי מיינע כחות האָבען זיך צו מיר גענומען, איך תאָב א טופּע געטהאָן מיט דעם פוס און אויסגעשריען מיט א שטימע און אן אויפגערייצטער טיגערין:

— זאָל זיין שטיל, דו רויטער מזיק! זאָלסט ניט וואגען צו בעליידיגען אן אונשולדיגע עהרליכע פרוי, ווען ניט וועלען מיר גלייך ברענגען א פּאָליסמאן...

איך ווייס אליין ניט וואָס נאָך איך האָב גערעדט, נור דער פאקט איז געוועזן, אז ער האָט זיך עפּעס ווי עס איז ארויסגערוקט פון הויז. דאן איז געקומען א דאָקטאָר און האָט ערקלעהרט, אז ער

האט מורא אז די פרוי וועט קראנק אויף טיפוס.

א גאנצען מעת לעת האבען מיר זי געהאלטען אין חויז, אבער דער דאקטאר האט אונז ענדליך געגעבען א ווארנונג אז מ'מוז זי וואס שנעלער אוועקפיהרען אין האספיטאל, ווייל אלע איהרע נערווען זיינען צושאטערט און זי מוז האבען גרויסע מעדיצינישע אויפפאסונג, וואס איז אונמעגליך אין הויז צו בעקומען.

מיין טייערער דר. לעבמאן. יעצט ליגט די אונשולדיגע ליידענדע פרוי אין האספיטאל וואו איך האב פאר איהר גענומען א בעזונדער צימער מיט געגוג ליכט און לופט — דיא אונגליקליכע איז אזוי עלענד און איינזאם, אז זי האט ניט קיין איינציגען לעבעדיגען פריינד אויף דער וועלט. איך האב דאריבער בעשלאסען אז איך זאל דא זיין צוזאמען מיט איהר און אויף איהר אויפפאסען ביז זי וועט געזונד ווערען.

איך האב אבגערופען דעם לאיער שטיינהארט פער טעלעפאן און האב איהם דערצעהלט די גאנצע געשיכטע וואס עס איז פארגעקומען מיט איהר ווען זי האט זיך בעגעגענט מיט דעם רויטען מזיק וואס האט זי פעראונגליקט, און האב איהם צו מיין גרויסער שאנדע און צו מיין גרויסען וועהטאג געמוזט זאגען די וואהרהייט ווער דער רויטער מזיק איז, און א שטונדע שפעטער איז אין האספיטאל געקומען א מעסענדזשער באי, און האט מיר געבראכט א קאנווערט אין וועלכען עס האט זיך געפונען א טשעק אויף צוויי הונדערט דאלער און פאלגענדער קורצער בריעף:

מיין טהייערע מרס. וויינגארטען:— געווים איז א גרויסער מיטלייד מיט דער פרוי באראן. אבער, דער פאקט אז זי איז א מוטער פון אן אונגעזעצליך קינד מוז מיך בגן איהר דערווייטערען. עס איז שוין הפנים בעשערט, איך זאל בלייבען אן אלטער בעטשלאר ביז'ן טויט. דאס איז צום צווייטען מאל וואס איך פאל אזוי מיאוס אריין מיט מיין ליעבע. איחר ווייסט דעם אמת, פריינדין וויינגארטען, אז איך האב דיא פרוי באראן אמת געליעבט און בין געווען בערייט צו ווארטען ביז זי וועט ארויסקריגען א גט פון איהר שלעכטען מאן, אבער איך קען פיר קיין פאל ניט דערלאזען אז אין מיין פאמיליען לעבען זאל זיך אריינפלאנטערען אן אונגעזעצליך קינד, קיין אונטערשיעד אויב זי איז יא געווען שולדיג אין דעם אדער ניט. דאס קינד איז א ממזר יעדענפאלס. די וועלט וועט עס סוף כל סוף געוואר ווערען. און וואס פריהער איך וועל זיך פון דער גאנצער געשיכטע ארויסדרעהען אלץ בעסער און געזונדטער וועט עס זיין פאר מיר און פאר מיין נאמען.

מיט טיעפע פריינדשאפט אייערער
ל. שטיינהארט.

נ. ב. — איך שיק אייך דא 200 דאלער זי צו ראטעווען. ווען זיא וועט ברויכען מעהר געלד, לאזט מיר וויסען.

יעצט, מיין טהייערער דר. לעבמאן, זאגט אליין, וואס קענען מיר אונגליקליכע פרויען טהון? — איהר שרייט אלץ: לעבט! לעבט! נעהמט זייט א בריה און לעבט, אז עס לאזט זיך ניט!

וואס איז די פרוי באראן נעבאך שולדיג? ווארום קומט איהר אזוי פיעל צו ליידען? וואס האט זי געזינדיגט? קען מען בעשולדיגען א פרוי וואס ווערט אטאקירט פון א פאגראמשציק? האט זי דען געזוכט פלעזשור, אדער געהאט דעם מינדעסטען פלעזשור פון דער זאגענאנטער זינד וואס זי האט בעגאנגען? זי ווייסט, זי פיהלט איחר אונשולד — און האט נעבאך ערשט געוואלט אנהויבען לעבען אויף דער וועלט מיט אן אנשטענדיגען מענשען, נאך די צוויי ווילדע באנדיטען וואס זי האט אין איהר לעבען בעגעגענט — ציהט ער זיך שוין צוריק! אזוי שנעל ווי ער האט נור ערפאהרען וואס מיט איהר האט פאסירט, וויל ער מעהר מיט איהר אין קיין פערבינדונג ניט קומען — היינט פרעגט זיך ווי קען אזא פרוי לעבען? וואס זאל זי טהון? זי קען זיך דאך ניט שלאגען על חטא

אויף א זינד וואס אן אנדערער האט בע־
גאנגען ! ! !

און ווען זי זאל זיך אפילו שלאגען
טויזענד מאל על חטא — וועט עס איהר
רען העלפען ?

איך זעה אז אפילו דער פיינסטער
מאן וויל זיך די טראבעל ניט נעהמען
אריינצוגעהן אין א פרוי'ס לאגע, זיא צו
בערעכענען אז פון די ביידע מענער וואס
זי האט אין איהר יונגען לעבען בעגעגענט
האט זי נור געהאט צרות, שמערץ, זארג
און וועהטאג.

די ליכטיגע זון פון לעבען און ליעבע
האט פאר איהר בלויז א שיין געטהון
אויף א קורצע צייט, און ווידער איז די
שווארצע כמארע געקומען און האט זיך
איבער איהר לעבען פערשפרייט !

וואס זאל נעבאך אזא פרוי טהוען ?

זי ליעגט נעבאך יעצט אין א שטאר־
קען פיבער — קיינער פערשטעהט ניט
וואס זי רעדט פון היץ, אבער איך הער
און פערשטעה יעדער ווארט וואס זיא
מורמעלט.

— אום גאטעס ווילען, מורמעלט זי,
נעהמט אוועק פון מיר דעם רויטען מזיק!
אה, ווי עקעלהאפט ! לאזט מיך אנטלויי־
פען — זעהט די טיגערישע לאפעס —
טהייערער פריינד שטיינהארט נעהם מיך
אוועק פון איהם — זעה וואס פאר לאנגע
מעסערס ער האלט אין האנד — אט
שטעכט ער מיך — זעה, קוק, וואס פאר
א גרויסען מעסער ער האט אריינגעשטא־
כען פרוי וויינגארטען אין ברוסט — —
ראטעוועט ! ראטעוועט !

איך הער ווי זי רעדט די ווערטער און
איך שרייב עס גלייך אין בריעף. פער־
צייהעט מיר פריינד לעבמאן וואס איך
באדער אייך — איך ווייס ניט וויא ווייט
איהר האלט פון מיר. אבער איך האלט
אייך פאר'ן איינציגען פריינד וואס איך
האב אין לעבען. יעצט לעב איך נור
צוליעב אייך. נור איהר מאכט מיר דאס
לעבען ווערט צו לעבען — ווען ניט
דיעזער ליכטיגער שטראהל אין מיין
פינסטערען לעבען, וואלט איך יעצט קיין
מינוט ניט געטראכט און וואלט זיך אליין
א מיתה אנגעטהון.

דער רויטער מזיק ! א שעהנע צוצי־
הונג'ס קראפט צום לעבען ! אה, פריינד
ווען עס זאל זיך יעצט עפענען דיא טיהר
פון דעם צימער וואו איך זיץ און שרייב
דיעזע צייל'ען, וואלט איך א שליידער
געטהון די פעדער צום פלאר און וואלט
אייך ארויסגעפאלען אויף'ן האלדז און
צוגעדריקט צו מיין שווער אטהעמענדע
ברוסט מיט אזא קראפט וואס וואלט אין
זיך ענטהאלטען די ליעבע פון א לעבענס־
לאנג — — — —

אה, טהייערער, קומט אין האספיטאל,
און לאמיר דא ביידע זיין צוזאמען כאטש
א פאר שטונדען אין טאג ביז אונזער
אונגליקליכע פריינדין וועט געזונד ווע־
רען — פליעז, טהייערער, זעהט זיך מיט
פריינד שטיינהארט און טרייעט איהם
צו בעאיינפלוסען, ער זאל דעם פוסטען
שטאלץ און די מורא פאר זיין נאמען
אוועקווארפען — ער זאל צוזאמענגעה־
מען אלעם מענשליכעם וואס אין איהם
איז דא און שענקען זיין ליעבע צו א נא־
בעלע נשמה וואס האט נאך גאר ניט גע־
לעבט. ווען ער וועט פון איהר אוועק וועט
איהר נור בלייבען איין וועג — און דאס
איז פון בריק אין וואסער. זאל ער איהר
שענקען איהר לעבען — און איהר מיין
טהייערער פריינד, שענקט מיר מיין
לעבען !....

דערמיט שליס איך מיין בריעף, און
איך ווארט ניט אויף אן אנטווארט —
איך ווארט אז איהר אליין וועט קומען
צו אייער הארציגער פריינדין,

פלארא וויינגארטען.

### 26טער קאפיטעל

## מארטירער פון לעבען

אנפאנגס, ווען דר. לעבמאן האט דעם
בריעף געעפענט און האט געזעהן, אז
ס'איז פרוי וויינגארטען'ס האנדשריפט
האט ער געשמייכעלט, אבער ווען ער
האט דעם בריעף איבערגעלעזען, האט
איהם א שטארקע מרה־שחורה בע־
הערשט.

— ווארום זאל די פרוי אימער זיין
די מארטירערין פון לעבען ? האט ער
צו זיך אליין געמורמעלט. מר. שטיינ־

הארט איז שוין א אינטעליגענטער מאז, א קלוגער און א מאן מיט הארץ און מיט יושר, דאך ווען עס קומט צו עפעס, ווען מען דארף אויסהאלטען די פראבע פון "מענש" איז ער ניט בעסער וויא אלע אנדערע מענער. פערשטעהט ער דען ניט, אז זי איז ריין און אונשולדיג ? וואס האט זיא דען געקענט טהון אום דעם אונגליק אויסצומיידען ? און צו האלטען דאס קינד ביי זיך האט זי דאך געוויס ניט געקענט !

דר. לעבמאן איז געזעסען אויף זיין טשער נעבען דעסק פערטיעפט אין מחשבות — אייגענטליך האט ער דעם גאנצען אינהאלט פון בריעף נאך גע־וואוסט פון פריהער. דער ערשטער בריעף וואס איז געווען צוגעפינט ביים דרעס־קעלע פון קינד ווען מען האט עס געפו־נען ביי דער טיהר פון די וויינגארטענס האט כמעט די גאנצע געשיכטע ער־קלערט. דארט איז שוין געווען בעשריע־בען געענוי די גאנצע טראגעדיע. ער האט בלויז ניט געוואוסט דאן ווער די העלדען זיינען, יעצט ווייסט ער זיי. אבער וואס איז דען דער אונטערשיעד ? דאס מאכט די טראגעדיע פון דער פרוי ניט קלענער— דער אונגליק איז דער זעלבער. פאר וואס זאל זי זיין די מארטירעריז, און ער — דער רויטער מזיק — זאל זאל ארומגעהן פראנק און פריי, ווי יענ' וואלט האבען אן ערלויבניש פון דער געזעלשאפט, אז ער מעג טהון אלעס אונבעשטראפט ?

עס זיינען דא א סך אזעלכע מענער ווי דער רויטער מזיק, האט דר. לעבמאן געטראכט, דער מר. בראון איז נאך פיעלייכט ערגער פון איהם —

דער אונגליק מיט די מעהרסטע שלעכ־טע מענער איז וואס זיי דענקען אז זיי־ערע פרויען וועלען אייביג בלייבען מאר־טירער ; זיי מיינען אז זייערע פרויען וועלען אויף זיך אייביג שלעפען דעם שווערען יאך פון צרות און וועלען קיינ־מאל ניט רעוואלטירען.

עס איז אבער א טעות—געדולד איז ניט קיין אייזען — פריהער אדער שפע־טער מוז עס פלאצען. עס קומט ענדליך די צייט ווען די פרוי קוקט זיך ארום, פאר וואס זאל זי ליידען? פאר וועמען? צוליעב וואס? ביז וואנען איז דער שיעור?

די גוטע ליעבע נשמה, פרוי וויינגאר־טען, איז יעצט געקומען צום פלאץ וואו צוויי פערשיעדענע וועגען צושיידען זיך. איין וועג פיהרט צום טויט און א צוויי־טער צום לעבען און זי וויל נעהמען דעם צווייטען וועג — זיא וויל נעבאך לעבען — זי האט נאך גארניט געלעבט כאטש זי האט שוין מעהר ווי די העלפט פון איהר לעבען אריבערגעשפרייזט אין צרות.

מיט אמאל איז דר. לעבמאן'ס בליק געפאלען אויף א ליעד וואס ער האט מיט א פאר טעג בעפאר אנגעשריעבען און האט עס געדענקט איבערצוגעבען דער פרוי וויינגארטען ווען זי וועט קומען צום קינד געשוואר ווערען.

ער האט דאס ליעד נאך אמאל איבער־געלעזען ערנסט ווי מען לעזט א תפלה :

אך, ווי זיס עס איז דאס לעבען
ווען א ליעבע פרוי איז דא אין הויז.
א פרוי וואס פערשטעט אייער שטרעבען
און צייגט איהר ליעבע אייך ארויס.

---

אך, ווי זיס ! אך, ווי טהייער !
איז די ליעבע, זיסע היים,
וואו עס ברענט א ליעבעס פייער
אין דער נשמה אין געהיים.

---

פלוצים האט זיך געהערט א קלאפ אין דער טיהר, דר. לעבמאן האט גע־ענטפערט "קאם־אין" און באלד האט זיך בעוויזען דער לאיער שטיינהארט.

ער האט אויסגעזעהן צו זיין שטארק אונרוהיג. און זיינע ערשטע ווערטער צו דאקטאר לעבמאן זיינען געווען :

— וואס זאגט איהר עפעס, דר. לעב־מאן, אויף מיין מזל ? איך בין יעצט געקומען צו אייך אויסצוגיסען פאר אייך מיין גאנצע הארץ, הפנים עס איז שוין אזוי בעשערט אז איך זאל בלייבען סינ־געל מיין גאנצען לעבען — — —

— איך ווייס — איך ווייס שוין אלעס, האט איהם דר. לעבמאן אונטער־בראכען. איהר האט מיר גאר ניט וואס

צו דערצעהלען, פרוי וויינגארטען האט מיר אלעס געשריבען, איך האב נור וואס איבערגעלייענט וועגען דעם א גאנ־צע מגילה : עס איז טאקע זעהר גוט וואס איהר זיינט געקומען, איך וויל איהר זאלט זיך אוועקזעצען רוהיג און מיר ווע־לען די גאנצע אנגעלעגענהייט בעשפרע־כען גאנץ געלאסען ווי אינטעליגענטע ציווילעזירטע מענשען דארפען האנדלען אין אזא פאל.

לאיער שטיינהארט האט זיך אוועק־געזעצט אויף א צווייטע טשער וואס איז געשטאנען נעבען דער דעסק, דר. לעב־מאן האט איהם געגעבען א סיגאר און האט אליין אויף פעררויכערט איינעם און האט געעפענט דעם געשפרעך :

— זאגט מיר פריינד שטיינהארט פריהער פאר אלעס וועגען וואס איהר דענקט יעצט אם מעהרסטען, איך מיין וואס אינטערעסירט אייך מעהר דאס לעבען, אדער דער טויט ?

— איך ווייס ניט וואס איהר מיינט דערמיט, האט לאיער שטיינהארט גע־ענטפערט שאקלענדיג מיט די פלייצעס.

— איך וועל אייך באלד ערקלערען, וואס איך מיין מיט מיין פראגע. אויב איהר דענקט וועגען טויט מעהר, דאן איז איבעריג צו פערליערען א מינוט. אויף פלענער און עצות. געהט אוועק אהיים און זעצט זיך אנידער און ווארט ביז דער מלאך המות וועט קומען. דאס פאדערט ניט קיין שום עקסטרא ארבייט, קיין אנשטרענגונג פון אייער זייט. וואס מעהר איהר וועט וועגען איהם דענקען אלץ שנעלער וועט ער צו אייך קומען — אין דער צייט זאגאר וואס איהר וועט נאך לעבען וועט איהר שוין אויף זיין א טויטער — איהר וועט ארומגעהן אין עולם התוהו. אבער אויב איהר דענקט מעהר וועגען לעבען און ווילט לעבען און האט ליעב דאס לעבען דאן איז שוין א גאנץ אנדער זאך — דאן מוזט איהר אלע פינסטערע געדאנקען פערטרייבען פון מח און מוזט זאגען צו זיך אליין : איך לעב, איך וויל לעבען און וועל לע־בען — דאס לעבען איז א צוגוטע זאך מען זאל עס נעהמען מיט די אייגענע הענד און צושטערען ווען מען קען נאך לעבען.

— אבער ? — — — —

— קיינע אבערס, ווארט איך ביז נאך ניט פארטיג. איך ווייס אז איהר האט ליעב די מרס. בעראן, און אז איהר זיינט ביז יעצט געווען זיכער, אז זי איז דיא איינציגע פרוי אין דער וועלט וואס קען אייך ברענגען ליעבע, ליכט און פרייד אין אייער לעבען. האב איך רעכט, צו ניין ?

—יא. אזוי האב איך געדענקט, איך האב שוין זאגאר היינט ארויסגעקראגען פאר איהר דעם גט פון סופרים קאורט — עס האט מיך געקאסט א היבשע בי־סעל ארבייט און געלד, און ביי מיר וואלט היינטיגער טאג געווען א גרויסער יום טוב, ווען ניט דער שרעקליכער קלאפ וואס איז מיט אמאל צו מיר געקומען ווי א דונער פון א לויטערען הימעל. אך, די פרויען — די פרויען !

— אך, די פרויען, די פרויען ! האט דר. לעבמאן סארקאסטיש ווידערהאלט שטיינהארט'ס לעצטע ווערטער, וואס זיינען די פרויען שולדיג אז מענער זיי־נען אזוי שלעכט און פערדארבען ! וואס איז די מרס. בעראן שולדיג, אז א וויל־דער רויטער מזיק מאכט אויף איהר א פאגראם און זי האט קיין שום מעגליכ־קייט זיך צו ראטעווען ? וואס איז אזא פרוי שולדיג, אז פון איין זייט ווערט זי גענארט און בעטראגען פון איהר איי־גענעם מאן און פון דער צווייטער ווערט זי אטאקירט און געשענדעט פון א פרעמ־דען מאן, וועלכען זי האט אויף איהר לעבען קיינמאל אפילו אין די אויגען ניט אנגעקוקט און מיט וועלכען זי האט קיינ־מאל א ווארט ניט גערעדט און האט ניט געוואוסט ווער און וואס ער איז אפילו ? עס איז זעהר לייכט די פרויען צו בע־שולדיגען און זאגען "אך, די פרויען, דיא פרויען !" ווערהענד אין דער ווירקליכ־קייט וואלט מען גאר געדארפט זאגען אך, די מענער, די מענער !".

"און איך מיין טאקע אייך אליין אויך, מיין טהייערער פריינד, האט דר. לעבמאן פארטגעזעצט, מיט אייער אויפפיהרונג

ווילט איהר אליין יעצט נעהמען א פיינע, א נאבעלע, א שעהנע און א גוטע פרוי און זי ברענגען דערצו אז זי זאל קיין אנדער ברירה ניט האבען און מוזען אראב פון גראדען וועג — — —

— איך ? ! מיט וואס ? האט איהם דער לאיער שטיינהארט אונטערבראכען א דערשראקענער פון אזא ערנסטער בעשולדיגונג.

— איך וועל אייך באלד ערקלערען מיט וואס. די מרס. באראן איז א מארטירערין קודם פון א שלעכטען מאן, א געמבלער, און דער גרעסטער אויסוואורף וואס ביי אידען איז דא. וויפיעל זי האט פון איהם געליטען הונגער, זידלעריי און ערנידערונג האט זי געדולדיג געליטען בלייבענדיג טריי צו איהר מאן, טראץ דעם וואס ער האט אפילו ניט געהאט די ווערטה צו זיין ביי איהר א משרת. דארפמען האבען א גרעסערע מארטירערשאפט פאר עהרליכקייט, ווי זי האט געצייגט דערמיט וואס זי איז א קראנקע, א שוואכע פרויענצימער געגאנגען ארבייטען שווער און ביטער אום צו שטיצען איהר מאן, מיט דער פאלשער האפנונג טאמער וועט ער בעסער ווערען! — אולי ירחם ?

— דאס איז אמת — — — — האט שטיינהארט געשטאמעלט און א שווערער זיפץ האט זיך ביי איהם פון הארצען ארויסגעריסען.

— און קען נאך זיין א גרעסערע מארטירערין, ווי א פרוי וועלכע ווערט ברוטאליש אטאקירט און א בעוואוסטלאזע געשענדעט און זי מוז נאך נאכהער דורכמאכען א מוטערשאפט און דורכגעהן אזוי פיעל רייחען צרות, שמערצען און וועהטאגען, און אלעס פערהיטען אום ניט ארויסצורופען דעם צארן פון איהר מאן, מיט וועמען זי האט געשטרעבט אלע איהרע יאהרען אבצולעבען, נאכדעם וויא ער האט זי גענארט און האט איהר פערשפראכען, אז ער וועט שוין זיין גוט און פרום. קענט איהר עס בעגרייפען ? קענט איהר זיך פארשטעלען דער פרוי'ס ליידען וואס זי האט דורכגעמאכט פון דעם מאמענט וואס זי האט ערפאהרען אז זי דארף א מוטער ווערען ביז דעם מאמענט ווען זי האט דאס קינד געלאזט ביי די וויינגארטענס טיחר ? איך גלויב אז קיין גרעסערע מארטירערין פאר עהרליכקייט ווי דיעזע פרוי קען גאר אויף דער וועלט ניט זיין !

—יא, האט שטיינהארט געשטאמעלט, אבער וואס בין איך דא שולדיג ?

— מיר האלטען שוין באלד דערביי, האט דר. לעבמאן געענטפערט. איהר זיינט געוועזן דער ערשטער ליכטיגער שטראהל וואס זי האט אין איהר פינסטערען לעבען דערזעהן. צום ערשטען מאל האט די ליעבע פון אן אנשטענדיגען מאן איהר הארץ אנגעריהרט. צום ערשטען מאל איז זי געגאנגען און פערבראכט און גערעדט צוזאמען מיט א מאן צו וועלכען זי האט געפיהלט א ליעבע וואס איז געוועזן דורכגעוועבט מיט רעספעקט און פערגעטערונג. און יעצט ווען איהר וועט זיך פון איהר אברייסען וועט איהר דערמיט אוועקרייסען א שטיק פון איהר נשמה, און איהר וועט בלויז בלייבען צוויי וועגען אין איחר גרויס פערצווייפלונג — ענטוועדער איהר עהרליכקייט וועט אויסהאלטען ביז'ן סוף און זי וועט יעצט ענדיגען איהר ביטערען לעבען מיט זעלבסטמארד, זי וועט זיך אריינווארפען פון בריק און וואסער, — אדער זי וועט זיך ארומזעהן, אז די גאנצע וועלט איז פאלש, עהרליכקייט בעצאהלט זיך ניט, און אזוי ווי זי איז נאך א גאנץ שעהנע און יונגע פרוי וועט זיא געהן זוכען לעבען דארט, וואו קיינער פרעגט ניט אויף מאראל, און וואו אנשטענדיגקייט ווערט דערטרונקען אין זינד. עס איז דא א שיעור און א גרענעץ ווי לאנג און ביז וואנען א מענש קען ליידען — און אין דיעזע ביידע פעלע, וועט איהר, מיין פריינד שטיינהארט זיין דער שולדיגער, נור איהר און ניט קיין אנדערער — — —

— וואס זשע ווילט איהר פון מיר, איך זאל יעצט טהון ? האט שטיינהארט געפרעגט נאכדענקענד.

— ערשטענס וויל איך, אז מיר ביידע זאלען יעצט פאהרען צו איהר אין האס־

פיטאל, אייער וויזיט וועט איהר גוטעס טהון. דאן וועלען מיר ווארטען ביז זי וועט געזונד ווערען. און ווען אלעס וועט געהן אין ארדנונג, האף איך אז איהר קענט קיין בעסערע זאך ניט טהון צו וויסען פון א גליקליכען לעבען וויא צו הייראטען דיעזע נאבעלע פרוי וועלכע איז פאלשטענדיג ווירדיג אייער ליעבע צו געניסען.

— וועלל, האט שטיינהארט געזאגט, איך וועל נאך וועגען דעם נאכדענקען, אבער איך פאהר מיט אייך אין האספיטאל זי זעהן.

## 27טער קאפיטעל
## אין האספיטאל

ביז מען קומט אין א גרויסען האספיטאל ווייסט מען ניט וויפיעל צרות און וועהטאגען פערשיעדענע מענשען האבען אויסצושטעהען אין די עטליכע יאהר וואס זיי האבען צו לעבען.

דער מענש וואס איז געזונד אויף אלע גליעדער ווייסט גאר ניט ווי דיעזען טהייערען אוצר צו שעצען.

א האספיטאל איז א טעמפעל פון "אוי" — אוי און וועה איז אלעס וואס מען קען דארט הערען, און ווער עס בומט ארויס פון האספיטאל א לעבעדיגער, דער ווערט א סך קלוגער ווי ער איז אהין געקומען. ער זעהט איין וואס פאר א טהייערע זאך דאס לעבען איז ווען מען איז געזונד, און ער טרייעט נאכהער אויסצונוצען יעדען זיסען טראפען וואס מען קען נור ארויסציהען פון'ם לעבענס בעכער.

אין איינעם פון די פריוואט צימער פון האספיטאל איז געלעגען אין א שטארקער היץ די מרס. סערע באראן. איהרע באקען האבען געברענט ווי א פייער, און א נוירס, א פיינע ליעבליכע מיידעל, וואס האט אויסגעזעהן ריכטיג וויא א מלאך אין איהרע ווייסע לינען קליידער איז געשטאנען נעבען דער קראנקער און האט זי אלע וויילע געשפאנדזשט מיט אלקאהאל אום פון איהר די גרויסע היץ צו פערטרייבען.

ביי דער זייט אויף א טשער איז געזעסען די פרוי וויינגארטען שטארק מיעד און אויסגעמאטערט פון אויפרעגונג, פון ניט שלאפען, טראכטענדיג פון איהרע אייגענע צרות און פון די שווערע איבערלעבונגען פון איהר פריינדין.

אין צימער איז געווען שטיל ווי אויף א בית עלמין, מען האט געקענט הערען דעם אטהעם צוג פון אלע דריי דאמען וואס האבען זיך אין רום געפונען.

עס איז געווען א מורא'דיגע שטילקייט וואס ווארפט א פחד אויף מענשען. א שטילקייט וואס דערמאהנט אין אייביגע רוהע.

— איהר היץ איז יעצט געפעהרליך...

— האט די נוירס געמורמעלט צו זיך אליין און האט שנעל געכאפט און צוגעלייגט דער קראנקער אן אייז־בעג צום קאפ.

אין דעם מאמענט האט זיך די קראנקע אויפגעכאפט וויא פון א שטארקען שלאף און האט מיט אימפעט ארונטערגעשליידערט פון זיך די בלאנקעטס און האט געוואלט פון בעט אראפשפרינגען. עס איז געווען א שווערע ארבייט פאר ביידע פרויען די קראנקע צוריק האלטען. מען האט געמוזט ברענגען דעם האספיטאל דאקטאר, וועלכער האט געגעבען אן ארדער דער נוירס אז אנשטאט קאלטע קאמפרעסען זאל זי האלטען די קראנקע אין איין ספאנדזשען מיט אלקאהאל ביז די היץ וועט אפגעשוואכט ווערען און די קראנקע וועט פיהלען לייכטער און ווערען רוהיגער.

מיט אמאל האט די קראנקע גענומען רעדען פון היץ, דערצעהלען פערשיעדענע מעשיות. אט האט זי געלאכט, אט האט זי געזונגען און אט האט זי געוויינט.

— ער איז וויעדער דא! — האט זי זיך פלוצים צושריען מיט א ציטערענדע שטימע. וואס שטעהט איהר? נעהמט איהם אוועק פון מיר! ס'איז א רויטער מזיק! זעהט זיינע העסליכע לאפעס, אוועק, אוועק פון מיר! וואס האלט איהר מיך? לאזט מיר אנטלויפען!

פרוי וויינגארטען האט אנגעפאנגען ציטערען ווי פון א שטארקע קעלט און

טרערען האָבען זיך אין איהר אויגען געוויזען.

די קראַנקע האָט אָנגעהויבען רעדען עטוואָס געלאַסענער. א מאָדנער שמייכעל האָט זיך אויף איהרע טרוקענע ליפּען געצייגט.

— אַה, ליעבער פריינד שטיינהארט, — האָט זי געמורמעלט, — איהר זיינט גערעכט, איך בין א זינדיגע פרוי, איהר טאָרט זיך צו מיר ניט צוריהרען. די מענער זיינען חייליגע ריינע געטליכע נשמות — — — און מיר פרויען זייַנען טייוואָלים — — — כא־כא־כא!

דאַן איז זי שטיל געבליבען אויף א פּאָר מינוט און האָט אָנגעפאַנגען זינגען. איהר שטימע האָט מערקווירדיג ריהרענד געקלונגען, און מען האָט געקענט הערען יעדען וואָרט וואָס זיא האָט פון מויל ארויסגעלאָזט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך געהערט א שטילער קלאַפּ אין טיר. פרוי וויינגארטען האָט די טיר געעפענט און איז ווי ניי בעלעבט געוואָרען ווען זי האָט דערזעהן די צוויי מענער אריינקומען.

ס'איז געוועזן דר. לעבמאַן און לאַיער שטיינהארט.

די נוירס האָט זיי געגעבען א צייכען זיי זאָלען זיך האַלטען רוהיג, און וועהרענד זיי האָבען זיך אוועקגעשטעלט נעבען בעט און האָבען מיט טיעפער סימפּאַטי געקוקט אויף דער קראַנקער, האָבען זיי געהערט ווי זי האָט א גאַנצען קאָנצערט געגעבען בעוואוסטלאָז.

דאָס איז וואָס זי האָט געזונגען:

דער ווינטער איז ניט אייביג
עס וועט אויך זומער זיין.
עס וועט נאָך צו מיר קומען
פון זון די ליעבע שיין.
עס וועט קומען מיין געליעבטער
מיין טרייסט און מיין נחמה,
און וועט טרייען צו פערהיילען
מיין צואוועהטאָגטע נשמה.
ער ווייסט אז איך בין עהרליך
מיין נשמה איז מיר ריין
און, אוי, ווי ווייט איך ליעב איהם
ווייסט נור גאָט אליין!

זי האָט עפּ׳ס נאָך געמורמעלט ווערטער אָבער אזוי שטיל אז מען האָט ניט געקענט הערען. דאַן איז זי רוהיגער געוואָרען און איז איינגעשלאָפען.

אויף'ן פערלאַנג פון דער נוירס זיינען אלע אריין אין א צווייטען ליידיגען צימער, זיי זאָלען ניט שטערען דער קראַנקער דעם שלאָף, און זאָלען קענען זיצען און רעדען וואָס זיי ווילען.

— יעצט פערשטעה איך אייער פריינדין'ס קראַנקהייט, — האָט זי געזאָגט, און האָט ארויסגעלאָזט א שווערען זיפץ פון הארצען.

זיי האָבען איהר דארויף גאָרניט געענטפערט און זיינען אוועק אין צווייטען צימער.

דאָרט זיינען זיי געזעסען אייניגע מינוט, קוקענדיג איינער אויף'ן צווייטען און ניט רעדענדיג א וואָרט.

יעדער איינער פון די דריי פּערזאָן האָט געהאט אזוי פיעל צו זאָגען און אזוי פיעל צו רעדען, אז זיי האָבען ניט געוואוסט פון וואנען אָנצופאנגען און וואו צו ענדיגען.

פרוי וויינגארטען איז געוועזן די ערשטע צו ברעכען די מרה־שחורה־דיגע שטילקייט.

— איך האָף אז אונזער סערע וועט זיך ארויסדרעהען פון איהר שווערער קראַנקהייט — האָט זי אָנגעפאַנגען — דערמיט וועלען זיך אלע איהרע צרות ענדיגען, און עס וועט זיך אָנפאנגען א נייע עפּאָכע אין איהר לעבען.

און זיך ווענדענדיג צו פריינד שטיינהארט האָט זי געזאָגט:

— איך האָב געוואוסט, מיין הארץ האָט מיר געזאָגט, אז איהר וועט אזא גוטע, ליעבע, ליידענדע נשמה ניט פערלאָזען. איהר טהוט דערמיט מעהר טובה זיך ווי איהר. זי איז א גוטע, אָן אנשטענדיגע אינטעליגענטע פרוי. זי האָט נאָך גאָרניט געלעבט אויף דער וועלט — זי האָט נאָך גאָרניט גענאָסען פון די זיסע פרוכט פון לעבען. זי וועט אייך געבען אזוי פיעל הארץ, אזוי פיעל ליעבע, אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט, אז איהר וועט אימער פיהלען וויא א ליעבער מלאך שטעהט ביי אייער זייט און גיסט אלע

ווילע פרישעם גליק אין דעם בעכער פון אייער לעבען.

— יא, — האט מר. שטיינהארט געשאקעלט מיט'ן קאפ, האלטענדיג דיא אויגען ארונטערגעלאזען צום פלאר, — עס איז אלעס ריכטיג, אלעס אמת, איך ווייס אליין, אז זי וואלט געווען פאר מיר א אידעאלע פרוי, אבער, וואס האט אייער מאן, דער געמיינער מענש, געוואלט האבען פון איהר נשמה, וואס איז ער געקומען ווי א פינסטערער שווארצער שאטען צו פערשטעלען פון אונז דיא ליכטיגע זון? — — —

— זאל איהם דערפאר זיין געוויסען הרג'ענען ,זאלען די פערברעכער ליידען, — האט איהם פרוי וויינגארטען אונטערבראכען, — אונזערע געוויסענס זיינען ריין, מיר האבען קיין בייזעס געטהאן, מיר קענען קוקען דעם לעבען גלייך אין די אויגען, און מיר דארפען און זאלען לעבען.

דאן איז זי צוגעגאנגען צו דר. לעבמאן און האט איהם פעסט ביי דער האנד אנגענומען און צוגעצויגען זיינע פינגער צו איהרע ליפען.

— יעצט בין איך אייערע, — האט זי אויסגערופען מיט גרויס בעגייסטערונג, אין גאנצען אייערע, קיין זאך האלט מיך יעצט ניט צוריק, איך בין איצט א פרייער מענש. איך דארף מעהר אין מיר מיין ליעבע ניט דערשטיקען ווייל איך האב א מאן. איך האב ניט קיין מאן מעהר, איך בין געווען מחויב צו זיין א צוגעבונדענע צו איהם אזוי לאנג ווי ער האט מיך ניט פערראטהען, אזוי לאנג, ווי איך האב געדענקט, אז ער איז א מענש, האט מיר מיין כאראקטער דיקטירט איך זאל נעגען איהם אויך האנדלען מענשליך און איהם ניט פערראטהען, טראץ דעם וואס איך האב איהם אימער געהאסט ווי דעם טויט. אבער יעצט, ווען ער האט אליין געציינט, אז ער איז גאר קיין מענש ניט, אז ער איז א ווילדע חיה, א בעסטיע, וואס פאר געמיינשאפטליכעס קען איך מיט איהם מעהר האבען? ער איז מיר מעהר גארניט. איך בין פריי — איך האב ניט קיין מאן און יעצט מיין טייערער ליעבער פריינד ערלויב איך אייך איהר זאלט מיר געבען א קוש וואס זאל אפקלינגען פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער און מיר זאלען מיט פרייד און לעבען, מיט ליעבע און לוסט פער'שיכור'ן אונזערע נשמות, אזוי אז מיר זאלען פערגעסען, אז עס זיינען דא שלעכטע מענשען אויף דער וועלט און דערביי אויך פערגעסען אין אלע צרות, וואס מיר האבען ביז יעצט דורכגעמאכט — ליעבע און לעבען, מיין טייערער! ענדליך איז די צייט געקומען, איך בין פריי! פריי — פריי!

און ביי די ווערטער איז זי איהם ארויפגעפאלען אויף'ן האלז און זיא האט זיך צואוויינט ווי א קינד.

## 28טער קאפיטעל
## בארא'ס א פרישער קרבן

עס איז געווען א ריהרענדע סצענע וואס האט פארגעשטעלט א פראכטפאלעם בילד פון ליעבע ביי עלטערע מענשען.

דער אלטער דר. לעבמאן האט צוגעדריקט די פרוי וויינגארטען פעסט צום הארצען, האט הארציג געקושט איהר קאפ און דעם שטערען, האט צערטליך געגלעט איהרע ארמס, און לאיער שטיינהארט איז געזעסען און האט אלעס געזעהן און האט זיי שטארק מקנא געווען. ער האט בעוואונדערט די מעכטיגע קראפט פון ליעבע וואס איז אימער יונג.

— אט דאס איז ליעבע און לעבען!

— האט ער זיך געטראכט. — איין שטונדע פון אזא לעבען איז בעסער א גאנץ לעבען אפצופינסטערען אליין...

פלוצים האט זיך געהערט א קלאפ אין טיהר און באלד האט זיך די שעהנע נוירס אויף דער שוועל בעוויעזען.

— איך בין אייך געקומען זאגען א גוטע בשורה, — האט זי געזאגט, זיך ווענדענדיג צו פרוי וויינגארטען.

— ווענען מיין פריינדין מרס. בראון?

— יא. דער דאקטאר איז ערשט געווען געבען איהר, האט זי גוט עקזאמינירט, און האט ערקלעהרט, אז זי איז אבסאלוט אויסער געפאהר. עס וועט פיעלייכט

נעהמען א וואָך, אָדער נאָך וועניגער און זי וועט קענען פון בעט אראָפּגעהן, דער קריזיס איז פּאַראיבער. יעצט שלאָפט זי גאַנץ געשמאַק, זי וועט אזוי שלאָפען עטליכע שטונדען און ווען זי וועט ערוואַכען וועט זי זיין ביים פולען פערשטאַנד, ווי דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, האָט די שעהנע יונגע דאמע געהאט אן אויסערגעווענליכען איבערשרעק, אבער איך פערשטעה פון די ווערטער וואָס איך האָב געקעמשט יעדעס מאָל ווען זי האָט גערעדט פון היץ, אז ליעבע האָט איהר הארץ צובראָכען. מיר, נוירסעס, זיינען אויף אזעלכע קראנקהייטען עקספּערטען, ווי די גרעסטע פּראָפעסאָרען, ווייל די גרעסטע טייל פון די נוירסעס זיינען אזעלכע וואָס זיינען דורכגעפאלען אָדער בעטראָגען געוואָרען אין זייער ערשטער ליעבע.

עס זיינען דאָ מענשען וואָס מען דארף מיט זיי בלויז צוויי ווערטער רעדען און מען ווערט מיט זיי גלייך בעפריינדעט. זיי ציהען צו צו זיך ווי א מאגנעט, ווערענד עס זיינען דאָ פיעלע מענשען וואָס שטויסען אייך אָפּ פון זיך גלייך ביים ערשטען בליק.

דיעזע נוירס האָט אויף אלע דריי געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק. זי האָט פיעלייכט גערעדט אביסעל מעהר ווי מען דארף, אָבער איהר שפּראַך איז געווען אזוי ריין, אזוי שעהן און אזוי קלינגענד, אז ס'איז געווען אנגענעהם צו הערען וואָס זי זאָל ניט רעדען.

אין א פיערטעל שטונדע צייט האָבען זיי געוואוסט אלעס וואָס מיט איהר האָט פּאסירט פון זינט זי איז געבאָרען געוואָרען אין לעמבערג מיט אכט און צוואנציג יאָהר צוריק, ביז היינטיגען טאָג.

זיי האָבען געוואוסט אז איהר נאָמען איז עליזאבעטה. עליזאבעטה קלויזנער, אז זי האָט געהאט זעהר רייכע און געבילדעטע עלטערען, וואָס האָבען געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין געזעלשאפטליכען לעבען פון לעמבערג. זי איז ביי זיי געווען איין און איינציגע טאָכטער, ווי איין אויג אין קאָפּ. איהר מו־טער האָט געהאט צעהן קינדער, אָבער אלע זיינען אויסגעשטאָרבען, נור זיא איינע איז געבליבען. זי איז ערצויגען געוואָרען אויף זייד און אויף סאמעט. טאטע־מאמע האָבען אויף איהר ניט געלאָזט קיין שטויבעלע פאלען. מען האָט זי געלערענט דייטש, פראנצויזיש, פּאָלניש, העברעאיש ווי אויך שפּיעלען און זינגען און איז געווען א קינד מיט אלע מעלות.

— איך בין געווען די גליקליכסטע מיידעל אין לעמבערג, — האָט עליזאבעטה קלויזנער צווישען אנדערעס דערצעהלט, — ליידער האָט מיין גליק לאנג ניט אָנגעהאלטען. עס איז געקומען די שרעקליכע וועלט־מלחמה, וואָס האָט ארויסגערופען פון אונטער דער ערד אלע טייוואָלים און אלע פינסטערע כחות האָבען געקראָגען די אויבערמאכט. דיא גאנצע וועלט איז מיט אמאל פערוואנדעלט געוואָרען אין א גרויסע שלאכטהויז. קוילענע מענשען איז געוואָרען א גאנץ געווענליכע זאך, ווי שעכטען אָקסען און ראבעווען און גזלן'ען איז כמעט געווען פאררעכענט אלס א מצוה... דאן אין יענער פינסטערער צייט, — האָט עליזאבעטה פאָרטגעזעצט מיט א ריהרענדע שטימע, — זיינען פּאָגראָמשציקעס אונזער הויז און אונזער גרויסע מעבעל־געשעפט בעפאלען, האָבען אלעס צוראבירט און וואָס זיי האָבען ניט געקענט נעהמען מיט זיך האָבען זיי אין שטיקער צובראָכען, און ווען מיין טייערער נאָבעלער פאָטער, דער עהרליכער, שעהנער, שטאָלצער איד יעקב קלויזנער, האָט זיך אוועקגעשטעלט האלטען א רעדע פאר די צואווילדעטע באנדיטען האָט איהם יעמאנד אריינגעשאָסען א קויל אין ברוסט און ער איז מאָמענטאל געפאלען צו דער ערד טויט. נאכהער ערשט האָבען זיי אונטערגעצונדען דאָס הויז, און געוועלב און פון אלעס וואָס מיר האָבען פערמאָגט — איז א בארג אש געוואָרען. ס'איז קיין שריד ופליט געבליבען. די גאנצע שטאָדט האָט בעוויינט אונזער חורבן, קיין איינציג געשעפט איז ניט אָפען געבליבען ווען עס

איז געוועזן מיין פאטער'ס לויה. און קיין אויג איז ניט טרוקען געבליבען. מיין ליע־בע מוטער האט דעם גרויסען בראך ניט געקענט אריבערטראגען און ריכטיג צו שלושים איז אויך איהר לויה געוועזן — זי האט געהאט פונקט אזא גרויסע לויה ווי דער טאטע עליו השלום האט געהאט. ווייל ווער האט ניט געקענט די גוטע נשמה רבקה'לע קלויזנער, וועמעס הויז עס איז געוועזן א ריכטיגער הכנסת אורחים יעדען טאג פון יאהר? ווער האט ניט געוואוסט פון רבקה'לע קלויזנער וואס האט יעדען הונגעריגען זאט געמאכט יעדען נאקעטען בעקליידט און יעדען קראנקען בעזארגט מיט דאק־טאר, מעדיצין און פפלעגע? הונדערטע ארימע לייט זיינען נאכגעגאנגען נאך איהר לייכען־וואגען און האבען געיא־מערט: גוטע מאמע, טהייערע, אויף וועמען לאזט דו אונז איבער! ?

עליזאבעט האט א ווייל'ע געסטאפט ביז זיא האט זיך דיא אויגען אויסגע־ווישט דאן האט זיא פארגעזעצט איהר טרויער'גע ביאגראפיע.

"איך בין געבליבען עלענד וויא א שטיין אין דער גרויסער וועלט. איך האב געטרייעט צו מאכען א לעבען פון געבען לעסאנס אין דייטש, פויליש אדער פראנצויז, אבער די מלחמה האט אזוי פארארימט דאס גאנצע לאנד, אז אפילו פאר זיך אליין איז מיר אנגעקומען שווער וויא דער טויט צו פארדיענען מיין ברויט. עס האבען זיך צו מיר פיעלע יונגע לייט געווענדעט איך זאל מיט זיי חייראטהען, אבער דיא ערש־טע פאר יאהר בין איך געוועזן אזוי פארטרויערט וועגען מיינע עלטערען, אז איך האב אפילו ניט געוואלט הערען וועגען הייראטהען — און שפעטער ווען איך האב שוין יא געדענקט וועגען חיי־ראטהען זיינען אלע געקומען אזעלכע צו וועלכע מיין הארץ האט ניט געצויגען, און אזוי ווי איך בין א גרויסע אנ־הענגערין פון ליעבע, און גלויב אז א פרוי זאל בעסער בלייבען איביג סינגעל, איידער צו חייראטחען אהן ליעבע, האב איך זיך פון זיי אלע געהאלטען פון ווייטענס, ביז זיי זיינען אוועק און האבען מיך צורות געלאזען.

"מיט דריי יאהר צוריק ווען איך האב געזעהן אז איך בין שוין פינף און צוואנציג יאהר אלט, און עס מאכט זיך מיר נאך אלץ ניט קיין פאסענדע פארטי, האב איך באשלאסען איך זאל פאהרען נאך אמעריקא זוכען מיין גליק —וויא געזאגט: משנה מקום, משנה מזל.

"וועלל, האט עליזאבעט פארטגע־זעצט מיט א זיפץ, בעשליסען א זאך איז גאנץ לייכט, עס איז גאנץ גרינג צו זאגען "איך פאהר קיין אמעריקא!" אבער מען מוז דאך דערצו האבען געלד! און נאך א סך געלד דערצו! האב איך ביי מיר אין דיא געדאנקען אויסגעארבייט אזא פלאן. איך וועל פאהרען אין קארלסבאד, וואוהין עס קומען זיך צוזאמען אין דיא בעדער, דיא רייכ־סטע מענשען פון דער גאנצער וועלט, און דארט אנשטאט צו געבען לעסאנס וועל איך בעסער ווערען א קעלנערין אין א רייכען האטעל. דארט קריעגט מען פיינע געהאלטען און גרויסע טיפס, און נאכדעם וויא איך וועל אבארבייטען סטעדי א יאהר נאכאנאנד וועל איך חא־בען גענוג געלד צו קענען פאחרען נאך אמעריקא. צו דער זעלבער צייט איז מיר אריין א געדאנק, אז עס קען אמאל גראדע פאסירען אז צווישען דיא געסט אין קארלסבאד זאל זיך געפינען מיין לעבענס־בעגלייטער; א יונגער מאן וואס וועט מיר געפעהלען און איך וועל איהם געפעהלען.

"געבעטען ביי גאט האב איך, אז דער מאן מיט וועמען עס וועט מיר באשערט זיין אבצולעבען מיין וועלט, זאל זיין אן אמעריקאנער, און איך זאל לעבען אין אמעריקא, ווייל פון אלע צייטונגען און ביכער וואס איך האב געלעזען ביז איך געקומען צו דער איבערצייגונג אז דערהוייל איז אמעריקא דער איינציגער פלאץ אויף דער וועלט וואו דער אנ־טיסעמיטיזם בושעוועט ניט אזוי העס־ליך און אזוי אפען וויא אין אלע אנ־דערע טהיילען פון ערד־קוגעל.

"עס האט לאנג ניט גענומען און איך

האב דיא ערשטע טהייל פון מיין פערלאנג דורכגעפיהרט. איך בין געקומען אין קארלסבאד און באלד אויפ'ן צווייטען טאג האב איך געקראגען באשעפטיגונג אין האטעל רודאלף אלס קעלנערין.

"די בעלי בתים פון האטעל האבען געוואוסט ווער און וואס איך בין און זיי האבען מיך זעהר פיין בעהאנדעלט און געזעהן אז איך זאל קענען קומען צו א פאר דאלאר וואס שנעלער.

אין דריי מאנאטען צייט האב איך שוין געהאט אבגעשפארט איבער צוויי הונדערט דאלאר, און איך האב מיר געמאכט דעם חשבון אז איבערן יאהר וועל איך אבשפארען ביי צוועלף הונדערט אמעריקאנער דאלארס. דריי הונדערט וועט מיך קאסטען דיא רייזע און ניין הונדערט וועל איך האבען ביי זיך איך זאל ניט מוזען פאלען קיינעם צו לאסט, ווען איך וועל קומען אין א נייע לאנד, ביז איך וועל פאר מיר געפינען עטוואס צו טהון.

"איינמאל אין א שעהנעם זומער אבענד האט זיך ביי מיין טיש אוועקגעזעצט א פראכטפאל שעהנער יונגערמאן. ער האט אויסגעקוקט צו זיין צוויי אדער דריי און דרייסיג יאהר אלט. ער איז געגאנגען זעהר ריין און שעהן געקליירעט. זיין געזיכט האט געשיינט וויא דער ליכטיגער מארגען־שטערן, און א פאר אויגען האט ער געהאט וואס האבען געברענט וויא צוויי ליכטיגע עלעקטרישע לאמפען. איך האב נאטירליך ניט געוואוסט ווער און וואס ער איז, אויב ער איז סינגעל, אדער ער האט א פרוי, אויב ער איז ארים אדער רייך, גוט אדער שלעכט, אבער מיין הארץ האט מיר עפעס מיט אמאל אנגעפאנגען פעסטער צו קלאפען. יעצט וויים איך אז דאס איז געווען צו מיר א ווארנונג איך זאל זיך פאר דעם מאן היטען, וויא פאר פייער, איך זאל פון איהם אנטלויפען ווי פון א פעסט, אבער דאן האב איך עס ניט געוואוסט. דאן האב איך געמיינט אז מיין הארץ קלאפעניש איז געקומען אלס א סיגנאל פון ליעבע. און ווען ער האט מיר מיין טיפ רערלאנגט נאכ'ן עסען און האט מיר געפרעגט אויב איך קען איהם טשענזשען א צעהן דאלאר ביל, בין איך פון זיין מונטערער שטימע און פון זיין ליעבליכען בליק אויף מיר אזוי וויא פערכשופט געווארען. אנשטאט רעדען צו איהם האב איך געשטאמעלט. איך האב געפיהלט אז מיין פנים ברענט מיר פון רויטקייט, און מיינע הענד האבען געציטערט וויא אין א פיבער ווען איך האב איהם דערלאנגט אין האנד צעהן איינציגע דאלאר פאר זיין צעהן דאלאר ביל.

— איך בין אן אמעריקאנער, האט ער לאנגזאם געזאגט קוקענדיג מיר גלייך אין דיא אויגען. איך וועל דא שטעהן ביי אייך אין קארלסבאד א לאנגע צייט, און איך האף מיט אייך צו שליסען נעהענטערע בעקאנטשאפט. מיין נאמען איז מר. דזשעק בארא, קען איך האבען דאס פארגעניגען צו וויסען אייער ווערטהען נאמען

אלע דריי פריינד האבען גענומען קוקען איינער אויפ'ן אנדערען דענקענדיג דאביי אז דאס איז נאך א קרבן פונ'ם בעקאנטען תכשיט. ווערעם פרוי דיא ליעבליכע נוירס אטענדעט יעצט, ניט וויסענדיג ווער זיא איז.

— יא, האב איך געשטאמעלט, און האב ניט געוואוסט וואס פאר א סבר איך גראב פאר מיר אליין אין דעם מאמענט. מיין נאמען איז עליזאבעט קלויזנער.

— פערהייראטה

— ניין. פרייליין עליזאבעט קלויזנער.

מיט אמאל האט פרייליין עליזאבעט קלויזנער זיך אויפגעהויבען פון טשער און נעהענדיג צו דער טיהר, האט זיא געזאגט:

— וועלל, מאדאם וויינגארטען, איך דענק אז איך האב שוין אזוי אויך צופיעל גערעדט פאר מענשען וואס איך זעה צום ערשטען מאל אין מיין לעבען —דיא צווייטע העלפט פון מיין ראמאן איז אזוי גרויזאם און אזוי טראגיש, אז ווען איך רעד דערפון ווער איך אזוי קראנק וויא אייער פריינדין פון צווייטען צימער. וואהרשיינליך האט זיא

אויך אזא מזל געהאט וויא איך. דער איינציגער אין ניו יארק וועמען איך וועל דערצעהלען אין גאנצען מיין ביטער הארץ, און ביי איהם פרעגען א עצה, וואס איך זאל טהון אין מיין גרויס פער־צווייפלונג איז דער דר. לעבמאן. איך האב שוין זיין אדרעס און אלע מיינע בעקאנטע זאגען מיר, אז ער איז דער איינציגער צו וועמען אלע פערונגליק־טע פרויען ווענדען זיך אין זייערע טראבעלס, ער איז צו אלעמען וויא א טרייער פאטער, און קיין זאך איז פאר איהם ניט צו שווער דארט וואו עס האנ־דעלט זיך אום אויסצושטרעקען א האנד פון הילפע צו דיא יענינע וואס קענען זיך אליין ניט העלפען. מארגען וועל איך סטאפען א האלבען טאג און וועל זיין ביי דר. לעבמאן — מען זאגט ער איז א וואונדערבארער מאן — מיר ווע־לען זעהן אויב צו מיין אונגליק איז דא אן עצה, אדער איך בין שוין א פארלא־רענע פאר אימער.

דר. לעבמאן האט מיט דיא אויגען געוואונקען צו זיינע צוויי פריינד זיי זאלען שווייגען און ניט דערצעהלען, אז ער איז עס דער יעניגער צו וועמען זיא קלייבט זיך מארגען צו געהן איהר הארץ אויסגיסען — און אלע פיער זיינען צו־זאמען אריינגעגאנגען צוריק אין קראנ־קען צימער זעהן וואס די קראנקע טהוט.

## 28טער קאפיטעל
## אן אינזעל פון טהרערען.

א גרויסע שטאדט איז וויא א טיעפער ים.

קיינער ווייסט ניט וואס אינעווייניג טהוט זיך.

אין דיא קליינע שטעדטלעך קען איי־נער אלע און אלע קענען איינעם. דער רעקארד פון יעדען איז אן אפענער בוך. מען ווייסט ווער עס איז רייך און ווער עס איז ארים ; ווער עס איז גוט און ווער עס איז שלעכט ; ווער עס איז עהרליך און ווער עס איז פארדארבען ; וועמען מען קען גלויבען אויפ'ן ווארט און פאר וועמען מען דארף זיך היטען. עס איז דאריבער גאנץ נאטירליך וואס אין דיא קליינע שטעדטלעך קומט זעהר זעלטען פאר שווינדלעריי און נא־רעריי. און ווען עס פאסירט אמאל יא אין א קליינע שטעדטעל עפעס א גרוי־סער טומעל פון שווינדעל און בעטרוג, קומט עס אם מעהרסטען פון א גאסט וואס איז געקומען פון א גרויסער שטאדט צו מאכען א דזשאב, אבצונארען א קליין־שטעדטעלדיגען, און נאכהער צוריק אנטלויפען אין דער גרויסער שטאדט און פארשוואונדען ווערען וויא אין א תהום, ניט לאזענדיג דעם מינ־דעסטען סליאד פון זיך.

דיא גרויסע וועלט־שטאדט ניו יארק וואו עס געפינען זיך אן ערך פון זעקס מיליאן איינוואהנער — איז וויא דער גרויסער ים וואס האט אין זיך פארשי־דענע פיש. ניו יארק האט א היבשע ביסעל פון אלע סארטען מענשען. זיא האט דיא גרעסטע דענקער, דיא גרעס־טע ארטיסטען, דיא גרעסטע מיליאנע־רען, דיא גרעסטע פילאנטראפען און די גרעסטע קינסטלער. דערפאר האט זיא אויך דיא גרעסטע גנבים, דיא גרעס־טע רויבערס, דיא גרעסטע שווינדלערס און דיא גרעסטע גראבע יונגען.

וואס נור איהר ווילט, פונ'ם בעסטען ביז'ן ערגסטען, געפינט איהר אין ניו־יארק, און איינער ווייסט ניט פון אנ־דערען. איהר קענט אין איין שטונדע אין איין טענעמענט הויז טרעפען א חתונה, א ברית מילה, א לויה, א גנבה, א גט, א קנס־מאל, און איינס זאל ניט וויסען פון צווייטען.

עס איז קיין וואונדער ניט וואס אין אזא מין ריעזיגער שטאדט קומט פאר א מאסע שווינדעל און בעטרוג — וויא קען עס דען אנדערש זיין, אז איינער קען ניט דעם אנדערען? איהר רעדט מיט מענשען און ווייסט ניט ווער זיי זיינען —וואס זיי זיינען. אמאל איז מען גרא־דע חושד צו שלעכטען דעם פיינעם מענ־שען, און גראדע דעם שווינדלער נעהמט מען אן פאר א צדיק און מען שענקט איהם דעם גרעסטען צוטרויען.

דיא שרעקליכסטע פאמיליען טרא־בעלס קומען פאר אין דער שטאדט ניו־

יארק, נור רערפאר וואס דיא פרוי גלויבט פון דער נאטור אלעס וואס מען זאגט איהר. און עס געפינען זיך שוין אין אזא שטאָדט געגוג שווינדלערס און באנדיטען וואס באנוצען זיך דערמיט און טויזענדע פרויען ווערען באשווינ־דעלט און בעטראָגען פון שלעכטע פאר־דארבענע מענער יאהר איין יאהר אויס און ווערען ארייגגעשלעפט אין אזעלכע סקאנדאלען, אונגליקען און טראבעלס, אז זיי קענען זיך נאכהער זייער גאנצען לעבען דערפון ניט ארויסדרעהען.

צו זיין עלענד און איינזאם אויף דער וועלט איז דיא גרעסטע קללה וואס קען געבען פאר א לעבעדיגען מענשען. און אין דער גרויסער וועלט־שטאדט ניו־יארק זיינען דא טויזענדע און טויזענדע עלענדע נשמות, פרויען אונגליקליכע, פאריאגטע פערוואָרפענע פון זייער אל־טער חיים. און דא האבען זיי קיינעם ניט פאר וועמען זייער הארץ אויסצו־גיסען ווען עס פאסירט מיט זיי אן אונגליק.

גראדע האט אזוי פאסירט אז דר. איזראעל לעבמאן האט אין זיין ליטע־ראַרישער קאריערע זיך אבגעגעבען מיט לייב און נשמה צו זיין דער מליץ יושר, דער פערטהיידיגער און דער באשיצער פון דיא עלענדע פרויען וואס פאלען אריין אין דיא הענד פון שלעכטע בייז־וויליגע מענער. און האמערענדיג יאהר איין און יאהר אויס דיעזע אנגעוועהנ־טאגטע פראגע פון לעבען, איז זיין אפיס געוואָרען דער צענטער פיר יעדער צובראכענע הארץ.

ימים טרעהרען זייגען שוין פארגא־סען געוואָרען נעבען זיין שרייב־טיש וואו יעדע אונגליקליכע קומט איהר הארץ אויסגיסען און פרעגען אן עצה אין איהר פערצווייפלונג.

דר. לעבמאן זייענדיג פון דער נאטור א מענש מיט גרויס געדולד און דערצו א גוטער אין כאראקטער, האט ער גוט־מוטהיג אלעמען אויסגעהערט, און האט זיי געטרייעט צו טרייסטען, צו בערוהי־גען, און צו געבען דיא בעסטע מעגליכע עצות וואס צו טהון און וויא צו האנד־לען אונטער דיא פארשיעדענע אומ־שטענדען, אום זייערע בערג צרות כאטש אויף וויפיעל עס איז צו פערלייכטערען.

אין פארלויף פון דער צייט וואס ער ארבייט אויף דיעזען פעלד איז עס איהם געלונגען אין פיעלע צושטערטע פאמיליען צוריק פעסטצושטעלען א ריכ־טיגען שלום בית. פיעלע וויעדער האט ער ארויסגעשלעפט פון אונטער דיא לאפעס פון מענר טיגערס וואס האָ־בען זייערע גוטע נאבעלע פרויען מיט דיא פיס געטראטען, בעליידיגט, ערני־דעריגט און צו דיא גרעסטע אונגליקען געבראכט.

צום זעלבען דר. לעבמאן פלעגען אויך קומען אין אפיס גלאט אונגליקליכע מענשען, פרויען און מענער, וואס האָ־בען דורך פארשיעדענע שיקזאל קאפרי־זען געליטען הונגער און נויט. מען איז געקומען צו איהם וויא צו א פאטער אדער צו א ברודער און ער האט אין אלעם אן ערנסטען אנטהייל גענומען און האט מיט זיין איינפלוס געטרייעט אימער צו ברענגען ליכט וואו עס איז פינסטער, ווארימקייט וואו ס'איז קאלט, ברויט וואו מען הונגערט.

עס האט אויסגעזעהן אז זיין גאנצע מיסיאָן אין לעבען איז נור געוואָרען אב־צואווישען מענשליכע טרעהרען און צו ברענגען א שמייכעל דארט וואו מען האט אם מעהרסטען געקלאגט און גע־וויינט.

עס איז געווען ארום צעהן אזייגער אין דער פריה, ווען די נוירס עליזאבעט קלויזנער איז געקומען צו דר. לעבמאן אין אפיס זיך מיט איהם צו בעראטהען וואס זיא זאל טהון אין איהר ביטערע פערצווייפלונג.

עס איז געווען א שעהנער זומער פריהמארגען, דיא זון האט ליכטיג גע־שיינט. אבער ניט פאר אלעמען. אי־בערהויפט האט דיא זון ניט געשיינט פאר'ן דר. לעבמאן אליין.

זיין פרוי האט פון טאג צו טאג גע־פיהלט ערגער און ערגער, דיא לעצטע צייט האט זי אנגעפאנגען ווערען ווילד, רייסען ביכער, בריעף און זאגאר קליי־דער וואס זיינען איהר צו דיא הענד געקומען.

איבערהויפט איז זיא געווען אונרוהיג ווען פרעמדע מענשען זיינען אין הויז געווען. א דיענסט האט דאן געמוזט שטעהן נעבען איהר און זי וואטשען זיא זאל זיך צוריקהאלטען פון מאכען טראָבעל.

עליזאבעט האט גערעכענט אז זיא קומט יעצט זעהן א מאן, וועלכען זיא האט נאָך אין איהר לעבען ניט געזעהן, און זיא איז שטארק איבערראשט געיואָרען ווען זיא איז אריינגעקומען אין אַפיס און האט דערזעהן דיא בעקאנטע פיגור וואָס זיא האט באגעגענט אין האָספיטאל צוזאמען מיט מרס. וויינגארטען און נאָך א מאן.

אַנפאנגס איז זיא ווי פארשעהמט געוואָרען. זיא האָט ניט געוואוסט וואָס זיא זאָל איהם זאָגען, אָבער ער האָט זיא גלייך ארויסגענומען פון איהר פארלעגענהיים.

— וועלל, פריילין עליזאבעט, האָט ער אויסגערופען מיט א שמייכעל. זעצט זיך, און זאָגט מיר קודם וואָס מאכט עפעס דיא פרוי בארא̇ן? נאכהער וועלען מיר הערען אייער אייגענע טראָבעלס.

— דיא פרוי בארא̇ן פיהלט שוין זעהר גוט, האָט די נוירס געענטפערט. זיא וועט שוין ניט לאנג דארפען ליגען אין האָספיטאל.

— זיא איז זעהר א פיינע פרוי, האָט דר. לעבמאן בעמערקט מיט אן ערנסטען טאָן.

— יא, האָט דיא נוירס צוגעגעבען. זיא שיינט צו זיין זעהר א פיינע פרוי, אָבער איין חסרון האָב איך געגען איהר אויסצוזעצען.

— וואָס?

— דאָס וואָס זי הייסט מרס. בארא̇ן.

— אזא שלעכטער נאָמען איז עס?

— יא. זעהר א שלעכטער. אם ווענינסטען פאר מיר. דער מאן וואָס האָט מיין יונגעס לעבען מיט דיא פיס צוטראָטען, איז זיין נאָמען אויך געווען בארא̇ן, און איך קען מעהר דיעזען חעסליכען נאָמען ניט הערען.

— עס איז זעהר מעגליך, האָט דר. לעבמאן באמערקט אז אייער מר. בארא̇ן און איהר מר. בארא̇ן איז טאקי איין פערזאָן.

— איז ער דאָ אין ניו יארק? האָט עליזאבעט א פארציטערטע געפרעגט. אַה, ווען איך קעמש איהם וואָלט געווען מיין טויט, אָדער זיין טויט. איך וואָלט ניט געקעהרט ווען איך זאָל אפילו דערפאר נאכהער געהן אויפ'ן עלעקטרישען טשער!

— אזוי שלעכט האָט ער אייך בעהאנדעלט?

— שלעכט צו שלעכט איז ניט גלייך האָט זיא געענטפערט. דאָס וואָרט שלעכט איז צו ווענינ פאר אזא טיראַניי וויא ער האָט געגען מיר בעגאנגען. אזוי וויא איהר חאָט שוין געהערט דיא ערשטע חעלפט פון מיין טרויעריגער געשיכטע וועל איך אייך יעצט דערצעהלען דיא ענדע, און איך האָף אלס פריינד פון ווארהייט וועט איהר מיר געבען די ריכטיגע עצה, וואָס פאר א ווענדונג איך זאָל יעצט נעהמען אין מיין לעבען.

— וויא איהר ווייסט אין מיין לעבענס־אמביציאָן געווען חתונה צו האָבען מיט אן אמעריקאנער מאן און צו לעבען אין אמעריקא. קיין לאנד אין דער וועלט איז יעצט ניט פריי. דער אנטיסעמיטיזמוס בושעוועט איבעראל — און איך האָב זיך שוין אזוי פיעל אָנגעחערט מיט שימפף ווערטער געגען אידען אז עס האָט מיך געצויגען צו דער פרייער רעפּובליק פון אמעריקא וויא א מאגנעט צו שטאָל.

ווען דער שעהנער אמעריקאנער יונגער מאן האָט מיר ערקלערט אז ער איז א בחור און אז דער הויפּט אבזיכט פון זיין יעצטיגער רייזע נאָך איירא̇פּא איז געווען אום צו געפינען דאָרט א פּאסענדע פיינע און אנשטענדיגע פרוי פאר איהם, זאָג איך אייך דעם אמת, אז איך חאָב אָנגעהויבען אָנווענדען אלע מעגליכקייטען איהם צו געפעהלען. איך האָב געוואוסט דיא צייט ווען ער קומט עסען, און איך האָב מיך דאַן עקסטרא פיין צוגעקאמט, צוגעפּאודערט, צוגע־

פינט א פרישע בלום צו מיין ווייסט, און אלץ איז געווען צוליעב איהם.

איך גלויב, דר. לעבמאן, אז איהר וועט עס ניט האלטען פאר אן אומרעכט פון מיין זייט, האט זי פארגעזעצט, ס'איז א גאנץ נאטירליכע זאך, אז ווען א מיידעל ווערט אלט דריי, פיער און צוואנציג יאהר, זוכט זי א היים און א פריינד מיט וועמען איהר וועלט צו פערברענגען. ווער שמועסט אזוי עלענד ווי איך בין געווען, עלענד און איינזאם ווי א שטיין איז עס קיין וואונדער וואס איך האב געזוכט דעם אמעריקאנעם שעהנעם און רייכען יונגען מאן געווינען.

— איהר האט געזוכט א רייכען אמעריקאנער? — האט דר. לעבמאן ביי איהר געפרעגט.

— ניין, — האט זי פראמפט געענטפערט. — איך האב וועגען דעם גארניט געדענקט, איך האב נור געדענקט וועגען א רוהיגע היים און אן אמת'ען פריינד אין לעבען. איך זאג א רייכען ווייל ביי אונז אין די ארימע גאליציאנער שטעדטלאך האלט מען אלע אמעריקאנער פאר מיליאנערען. און דאמיט אליין זיינען זיי שוין רייך, וואס זיי לעבען אין אמעריקא וואו קריסט און איד האבען די זעלבע געלעגענהייטען אין לעבען.

אבער ניט דאס בין איך אויסען, דר. לעבמאן, כ'וויל אייער צייט לאנג ניט פערנעהמען, איך וועל עס מאכען אזוי קורץ ווי מעגליך. איינמאל האט ער מיך געבעטען איך זאל מיט איהם אין אבענד געהן שפאצירען אביסעל אין שטאדטגארטען. ער האט מיט מיר עטוואס וויכטיגעס צו רעדען. ווען ער האט עס מיר געזאגט איז געווען ארום צוויי אזייגער ביימאג, און די פינף שטונדען פון צוויי ביז זיעבען, ווען ער האט געדארפט נאך מיר קומען, האבען זיך אין מיינע אויגען אויסגעוויזען ווי פינף יאהר לאנג. לויט ווי ער האט אויף מיר שטענדיג אזוי ליעבליך געקוקט און לויט ער האט צו מיר אימער אזוי פריינדליך גערעדט, בין איך געווען זיכער אז דעם אבענד וועט ער מיט מיר רעדען תכלית און איך האב זיך שוין געשעצט פאר דער גליקליכסטער פרוי אין דער וועלט.

ענדליך איז מיין גליקליכע מינוט געקומען. ריכטיג ווי ער האט געזאגט, ווען דער זייגער האט געשלאגען זיעבען, האט מיין אמעריקאנער דזשעק זיך בעוויזען פערפוצט כאטש צו דער חופה געהן, איין קליינע בלויע בלום האט געשטעקט אין זיין לאץ, און אין האנד האט ער געהאלטען א פרעכטיגען בלומענקראנץ, צוזאמענגעשטעלט פון פערשיעדענע פיינסטע פרישע בלומען פון אלערליי קאלירען. איך האב מיר אליין ניט געגלויבט אז דאס איז א ווירקליכקייט, איך האב געמיינט, ס'איז נור עפעס א מין שעהנער חלום, אזא ליעבליכער שעהנער יונגערמאן, אזא פרעכטיגער בלומענקראנץ, אזא זיסע קלינגענדע שטימע.

איך ווייס ניט אויב עס האט געדויערט א מינוט, אדער א שטונדע פון'ם האטעל צום שטאדט גארטען, איך בין געווען ווי פערבישופט און האב ווי פון א טרוים ערוואכט, ווען איך האב מיט אמאל דערפיהלט ווי ער האט צוגעצויגען מיינע פינגער צו זיינע ליפען און האט זיי זאנפט געקושט.

מיר זיינען דאן געזעסען הינטער א גרויסען ברייטען בוים, ווייט אפגעזונדערט פון די הויפט וועגען וואו אלע שפאצירען. דער פלאץ וואו מיר זיינען געזעסען האט א נאמען אין קארלסבאד אלס דער "ליעבעס ווינקעל", די גרויסע צווייגען פון די בוימער בילדען א מין ביידעל, א געצעלט, ארום די וואס זיינען דארט.

מיין דזשעק איז געווען דער ערשטער צו רעדען.

— איך בין אן אמעריקאנער, — האט ער אנגעפאנגען, — ביי אונז געהט אלעס האררי־אפ, מיין טייערע עליזאבעט. פערשטעהסטו וואס האררי־אפ מיינט?

— יא. — האב איך געענטפערט, — איך האב אביסעל שטודירט ענגליש, און איך ווייס אז "האררי־אפ" מיינט אונגעפעהר "א רענדעל א מינוט" אין אמעריקא געהט אלעס שנעל...

— יא, טהייערע, — האָט ער געענט־
פערט, — ביי אונז געהט אלעס שנעל
און אָהן צערעמאָניעס. איך ליעב דיך,
עליזאבעט, איך ליעב דיך אויף אזוי
ווייט, אז איך קען דיך שוין ניט "איהר־
צען", איך זאָג דיר דו ווי דו וואָלסט
שוין זיין מיין פרוי. זאָג מיר פליין און
אָפען, ביסטו ווילינג מיין פרוי צו ווע־
רען?

די ווערטער האָבען מיר געקלונגען אין
די אויערען ווי עס וואָלט געדונערט,
אָדער ווי הונדערט גלאָקען מיט אמאָל
וואָלטען געקלונגען. איך האָב ניט גע־
ענטפערט ניט יא, ניט ניין, נור איך האָב
צוגעצויגען זיין קאָפּ צו מיין ברוסט און
גלעטענדיג זיינע שעהנע בלאָנדע האָר,
האָב איך געמורמעלט:

— איך גיב א גרויסען שבח צום בורא
עולם, וואָס מיין וואונש ווערט ערפילט,
מיין היים וועט זיין אמעריקא און מיין
פריינד, מיין לעבענסבעגלייטער, א
אמעריקאנער.

דער אבענד איז געווען דער ערשטער
פערגעניגענדער אבענד וואָס איך האָב
אין מיין לעבען געהאט. אן אבענד פון
ליעבע.

דזשעק איז געווען דער ערשטער מאן
אין דער וועלט וואָס האָט מיין ליעב בע־
ריהרט, און איך האָב דאן געפיהלט ווי
אן עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורכ־
געגאנגען אלע נערוון פון מיין קערפּער.

— דאָס איז דער שטראָם פון ליעבע,
— האָב איך זיך געטראכט, ווייל איך
האָב נאָך קיינמאָל אזוי מאָדנע ניט גע־
פיהלט ווי איך האָב געפיהלט אין די
מאָמענטען ווען זיינע הענד האָבען מיין
ליעב אָנגעריהרט.

ווען מיר זיינען אוועק פון שטאָדט־
גארטען איז שוין געווען ארום צוויי אזיי־
גער פארטאָג, אָבער ווי א עכטער אמע־
ריקאנער האָט ער אין דעם איינעם
אָבענד אלע פראגען בעהאנדעלט. ער
האָט מיר ערקלעהרט אז ער דארף נאָך
זיין אין קארלסבאד וועגען זיין געזונד־
הייט איניגע מאָנאטען. צו דער זעלבער
צייט אטענדעט ער דאָ אויך צו ביזנעס,
האָט ער געזאָגט. ער קריגט אריין וואא־
רע פון אמעריקא, און שיקט ארויס קיין
אמעריקא וואארע פון אייראָפּא.

אין איניגע מאָנאטען ארום וועט זיין
פארטנער פון אמעריקא קומען נאָך איי־
ראָפּא און ער וועט מיט מיר פאָהרען און
מיר וועלען לעבען אין אמעריקא ווי גאָט
אין פראנקרייך.

ער האָט מיר אויך געגעבען אן עצה,
אז דערווייל ביז מיר וועלען צוזאמען
פאָהרען אין אמעריקא זאָל איך נאָך אר־
בייטען — ס'איז א לייכטע ארבייט צו
זיין א קעלנערין ביי ברעקפעסט, דינער
און סאפּער, נעהמט בלויז זעקס שטונ־
דען צייט, און מיט די טיפּס האָב איך
געמאכט גענוי פופציג דאָלאר א וואָך,
איז א שאָדע דערווייל דאָס צו פערלי־
רען. עס איז געבליבען, אז דאָס געלד
וואָס איך האָב שוין, און דאָס וואָס איך
וועל יעדע וואָך פערדיענען, זאָל איך
האלטען ביי איהם, און ווען מיר וועלען
קומען אין ניו יאָרק, וועט ער דאָרט עפע־
נען א ספּעציעלען באנק־אקאונט אויף
מיין נאָמען. ער וועט מיר נאָך צולייגען
א פּאָר טויזענד דאָלאר זיינע, האָט ער
געזאָגט, כדי אז ווען איך וועל דארפען
האָבען געלד פאר מיינע עקספּענסעס,
אויסער די הויז הוצאה, זאָל איך ניט
דאַרפען אָנקומען צו איהם. אזוי, האָט
ער מיר ערקלעהרט, פיהרט זיך אין אמע־
ריקא ביי אנשטענדיגע מענשען.

איך האָב איהם געגלויבט אלעס וואָס
ער האָט מיר געזאָגט, מיין ליעבעס גע־
פיהל צו איהם האָט איהם אין מיינע אוי־
גען פאר א גאָט געמאכט.

עס זיינען אוועק איניגע וואכען. פון
טאָג צו טאָג זיינען מיר אלץ היימישער
געוואָרען. ער פלעגט יעדען אבענד קומען
אין מיין צימער, וואו איך פלעג איהם
עמפּפאנגען ווי א קעניג.

איך האָב איהם אוועקגעגעבען מיין
געלד און מיין נשמה, האָט זי פארטגע־
זעצט, און ארויסגעלאָזט א שווערען זיפץ
פון הארצען.

איינינע מאָל האָט ער מיך גענומען
אויף זיין שויס און האָט מיך צערטליך
געקושט און געהאלדזט.

— עליזאבעט טייערע, — האָט ער

געזאָגט און איך האָב געפיהלט, אז ער ברענגט אזש פון ליידענשאַפט. — אין אמעריקא ווען א מיידעל ווערט א כלה, לעבט זי שוין מיט'ן חתן ווי מאַן און ווייב.

— ניט אלע כלות זיינען גלייך, טייערער, — האָב איך איהם געענטפערט. — עס זיינען דאָ אין איראָפּא לייכטזיניגע מיידלאַך און עס זיינען דאָ אין אמעריקא לייכטזיניגע מיידלאַך, די גאַנצע וועלט איז ווי איין שטאָדט אין דעם הינזיכט. איך ליעב דיך מיט מיין גאַנצע נשמה, און ערלויב דיר שוין אזוי אויך צופיעל, אָבער וואָס אנבעלאַנגט צו לעבען ביידע ווי מאַן און פרוי, וועל איך מיר דאָס ניעמאלס ערלויבען ביז מיר וועלען געזעצליך הייראַטען. נאָ דיר נאָך חונדערט קושען און רעד ניט מיט מיר פון אזעלכע זאכען, איך קען עס ניט הערען...

— עט, דו ביזט א נארעלע, — האָט ער געזאָגט און האָט מיך פעסט צו זיין ברוסט צוגעדריקט. — די חופה מיט די פיער שטעקענס און דאָס צוברעכען א גלעזעל איז בלויז א צערעמאָניע, דיא הויפּט זאַך איז די ליעבע, קוים ליעבען מיר זיך, זיינען מיר שוין פערבונדען איינס צום אנדערען, א סך שטאַרקער ווי אפילו די הייליגסטע צערעמאָניען קענען אונז פערבינדען.

— זאָג עס ניט, מיין ליעבער דזשעק,
— האָב איך איהם געענטפערט. — דיזע צערעמאָניע האָט פיעל צו זאָגען אין לעבען פון א פרוי. זי דערמאָהנט דיזע צערעמאָניע אלע איהר יאָהרען אלס א הייליגע ערינערונג, אז ביז דאַן איז זי געוועזען פריי, צו קיינעם ניט פערבונדען. זי האָט געקענט אויסקלייבען אלס איהר לעבענסבעגלייטער וועמען זי וויל, און די חופה איז דער גרויסער צייכען וואָס אן אנשטענדיגע פרוי געדענקט אימער אז פון יעצט אָן און ווייטער בעלאַנגט זי צו איין מאַן און טאָר איהר הייליגקייט אלס פרוי ניט פערשוועכען. מיין גאַנץ לעבען וועט מיר זיין פערשטערט ווען איך זאָל זיך דערמאָהנען, אז מיין חופה איז ניט געוועזען קיין ריינע, קיין הייליגע, און איך גלויב, אז דאָס איז די אורזאַכע פאַר וואָס מען צוברעכט ביי אידען א גלעזעל אונטער דער חופה.

— וואָס האָט צו טהאָן דאָס צוברעכען פון א גלעזעל מיט דער חופה ? — האָט דזשעק געפרעגט מיט א געלעכטער.

— איך וועל עס דיר באַלד ערקלעהרען, טהייערער, — האָב איך איהם געענטפערט, און האָב איהם א קוש געטהאָן אין שעהנעם שטערען. — ווען דאָס גלעזעל איז גאַנץ איז עס א כלי. אין פריידען טרינקט מען דערפון וויין אמאָל טרינקט מען דערפון א מעדיצין, אין ביידע פעלע בריינגט עס נוצען. ווען דאָס גלעזעל ווערט אָבער צובראָכען איז ניט נור בריינגט עס קיינעם קיין נוצען ניט, נור יעדער ברעקעל גלאָז דערפון ווערט א געפאַהר, עס קען צושניידען און פערוואונדען א חאַנד, א פוס און ברענגען וועהטאָג און שמערץ צו יעדען וואָס ריהרט זיך צו דערצו. דאָס זעלבע איז מיט דער פרוי, זי דאַרף קומען צו דער חופה פיין אנשטענדיג, ווען ניט איז עס א צובראָכענע כלי, צו וועלכער מען קען זיך ניט צוריהרען נאָכהער, ס'איז א געפאַהר, ווייל ווען דער אָנפאַנג איז ניט פיין, מוז די ענדע אויך א שלעכטע זיין. האָסטו מיך פערשטאַנען, מיין טייערער דזשעק ? — האָב איך איהם געפרעגט און האָב איהם גלייך אין די אויגען געקוקט צו זעהן דעם איינדרוק וואָס מיינע ערנסטע ווערטער מאַכען אויף איהם.

— איך האָב דיך זעהר גוט פערשטאַנען, — האָט ער מיר געענטפערט, — אָבער...

— קיין אָבער, מיין טייערער, אויב דו ווילסטו לאָמיר אפילו מאָרגען אריינגעהן דאָ צו א רב און חייראַטען, דאַן וועסטו ווערען בעל הבית איבער מיר, ביז דאַן זיי א מענש וועסטו עסען אין סוכה.

ער האָט געטראַכט איינינע מינוטען ארומגעהענדיג הין און צוריק איבער מיין צימער. דאַן איז ער צוגעגאַנגען און האָט זיך אָנגעגאָסען א גלעזעל וויין און מיר האָט ער אויך דערלאַנגט א גלעזעל וויין און האָט געזאָגט :

— לחיים, עליזאבעט, נעהם אויך א ביסעל וויין.

— איך טרינק ניט, — האב איך געענטפערט, — אבער לחיים וועל איך צו דיר טרינקען. צום וואהל פאר אונזער ביידענס גוטען צוקונפט:

— לחיים! — האט ער אויסגערופען און איבערגעקעהרט דאס גאנצע גלעזעל גלייך אין מויל אריין.—מארגען געה איך מיט דיר צום רב און מיר האבען חתונה.

— כדת משה וישראל, — האב איך צוגעגעבען אין העברעאיש, און ער האט ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן וואס דאס מיינט.

אזוי איז געווען אויף מארגען. ער האט מיך גענומען צו א רב און מיר האבען חתונה געהאט כדת משה וישראל.

— יעצט בין איך דיינע! — האב איך אויסגערופען מיט א הארציגע צופריעדענהייט וואס מיין גרויסער וואונש איז ערפילט געווארען, ווען מיר זיינען צוריק געקומען פון'ם רב אין צימער.

מיר האבען אזוי געלעבט גליקליך 4 מאנאטען. קיינער איז צו מיר ניט געווען גלייך, עפעס א קלייניגקייט אזא גליק! אן ארימע יתומה קריגט אזא שעהנעם און אזא רייכען אמעריקאנער פאר א מאן! חיינט וואס קען דען בעסער זיין.

אבער לײדער האט מיין גליק לאנג ניט אנגעהאלטען. איין מאל האב איך געפונען א גרויסען אידישען בריעף וואס ער האט פערגעסען ארויסנעהמען פון זיין קאוט וואס ער האט איבערגעלאזט אין צימער, ווען ער איז אוועק פון האטעל צו אטענדען ביזנעס, ווי ער האט מיר געזאגט, יעדעס מאל ווען ער פלעגט אוועקגעהן ערגעץ.

דר. לעבמאן איז אויפגעשטאנען פון טשער און האט זיך ארומגעדרעהט אייניגע מינוטען איבער זיין שרייב־צימער הין און צוריק פארטיעפט אין מחשבות.

ענדליך האט ער זיך צוריק אװעקגעזעצט אויף זיין טשער און האט זיך געווענדעט צו דער נוירס:

— וואס זשע ווילט איהר, מיס עליזאבעט קלויזנער, איך זאל טהון פאר אייך?

— בלויז איין זאך, האט זי פראמפט געענטפערט, איך וויל אייך בעטען איהר זאלט מיר העלפען געפינען דעם באנדיט, דאס איבעריגע, האף איך אז איך וועל שוין מיט איהם אליין פארטיג ווערען. איך מוז איהם געבען א לעסאן, ער זאל מעהר קיין פרויען ניט אונגליקליך מאכען.

— וועלל, מיין טהייערע מיס קלויזנער, האט דר. לעבמאן געלאסען געזאגט, איך וועל אייך יעצט דערצעהלען א נייעס וואס וועט ביי אייך זיין א גרויסע איבערראשונג, א נייעס וואס וועט אייך צייגען אז אונזער גוטער גאט איז אימער מיט'ן גערעכטען — איך וועל אייך דערצעהלען, אז דיא פאציענטין צו וועלכע איהר אטענדעט אין האספיטאל איז איינע פון דיא נאבעלסטע פרויען, וואס איהר האט ווען אין אייער לעבען געזעהן; איך וועל אייך דערצעהלען אז זיא איז עס דיא מרס. בראון וואס האט דעם בריעף צו איהר מאן געשריעבען ווען ער איז אין קארלסבאד געווען. דאס איז זיא, דיעזע נאבעלע נשמה, וועלכע האט קראנקערהייד געארבייט און געשיקט דעם מאן יעדע וואך בלוטיגע צעהן דאלארדיגע, וואס ער האט פארשכור'ט און פארגעמבעלט, איך וועל אייך דערצעהלען, אז זיא איז ענדליך פון איהם פטור געווארען, איהרער א פריינד, א בעקאנטער ניו יארקער לאיער, וועלכער ליעבט זיא זעהר און דענקט מיט איהר צו חייראטהען, האט ערשט מיט עטליכע טעג בעפאר ארויסגעקראגען פאר איהר א גט פון געריכט, און זיא איז ענדליך נאך שווערע יאהרען פון אונבעשרייבליכע לײדען און מאטערניש פון איהם בעפרייט געווארען געזעצליך, מיר וועלען נאטירליך זעהן זיא זאל קריעגען פונ'ם באנדיט א אידישען גט אויך, ווען ער וועט עס ניט וועלען טהון מיט גוטען, וועט ער עס מוזען טהון מיט בייזען.

מיס עליזאבעט קלויזנער איז געשטאנען און האט געהאלטען אפען מויל און אויערען. זיא האט זאגאר ניט געטרוימט, אז דיא הילפע איהרע שטעהט

יעצט אזוי נאָהענט צו איהר. זיא האָט זיך אליין פאָרווירפע געמאַכט, פאר וואָס ווען זיא האָט געזעהן דער פּאַציענטין'ס קאָרד ביים בעט—מרס. סערע באַראַן— זיא האָט געהערט וויא איהרע פריינד האָבען זיא גערופען ביים נאָמען, און איהר איז קיין איינציגען מאָל ניט איינ־געפאַלען צו פרעגען אויב איהר מאַן איז אַמאָל געווען אין קאַרלסבאַד.

און איך וועל אייך נאָך עפּעס דער־צעהלען, מיין טהייערע מיס קלויזנער, איהר קענט דאָך דיא פרוי ווייסגאַרטען, דיא בעלא וועלכע האָט געשריעבען בריעף און געשיקט געלד צו אייער מאַן אין קאַרלסבאַד יעדע וואָך, איז זעהר א פיינע מיידעל, דיא טאָכטער פון דער פרוי ווייסגאַרטען, דער באַנדיט האָט פון איהר אויסגעזאָפּט איהר געלד און איהר נשמה, אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט געלעבט מיט זיין פרוי וועלכע האָט פאר איהם געאַרבייט און גע־שקלאָפט דרייצעהן יאָהר נאַכאַנאַנד, איז ער אין דער זעלבער צייט ארומגעגאַנגען און האָט ניט געטהון קיין האַנד אין קאַלטען וואַסער, און האָט זיך פאַרגע־שטעלט אלס א סינגעלמאַן.

בעלא האָט ערוואַרטעט איהר חתן וועט קומען פון קאַרלסבאַד און זיי וועט־לען חייראַטען, ווי גאָט האָט געבאָטען, צום סוף האָט ער זיך א יאָהר כסדר אויסבעהאַלטען און דאַן ערשט האָט זי אויסגעפונען דאָס וואָס איהר האָט אויס־געפונען און איהר יונגעס הערץ איז פאַר אימער צובראָכען געבליעבען. אלעס וואָס איך וועל אייך יעצט זאָגען איז איהר זאָלט נעהן רוהיג טהון אייער אַרבייט, מיס קלויזנער, מיר אלע דריי — פרוי ווייסגאַרטען, לאַיער שטיינהאַרט און איך — וועלען אין א פאַר טעג ארום האָבען א קאָנפערענץ. צו וועלכער מיר וועלען אייך אויך לאַדען — און ביי יענער קאָנ־פערענץ וועלען מיר בעשליסען, ווי צו האַנדלען אייער קייס אזוי אז איהר זאָלט שנעל ווערען א געהאָלפענע וואָס אנבע־לאַנגט צו דער קראַנקער מרס. באַ־ראַן, גלויב איך אז ביז זי וועט ווערען פאַלשטענדיג געזונד זאָלט איהר מיט איהר גאר ניט רעדען וועגען דעם און זי זאָל פון קיין זאַך ניט וויסען — נאָך בעסער וועט זיין, ווען זי וועט אַלעס ער־פאַהרען דורך אונז, ווי דורך אייך.

## 30טער קאַפּיטעל
## ווי מענער אַמוזירען זיך

די פרוי איז אן אונגליקליכע בעשע־פעניש אויף דער וועלט, פאַר'ן מאַן זיי־נען אלע טיהרען פון פערגעניגען אָפען און פאר דער פרוי'ס פערגעניגען זיינען אלע טויערען פערמאַכט מיט הונדערט שלעסער.

דער מאַן מעג טהון די ערגסטע זאַכען אין דער וועלט, ער קען עפּענטליך שפּייען דער מאָראַל אין פּנים אריין, ווערט ער ניט אויסגעשלאָסען פון געזעל־שאַפט. קיינער שעהמט זיך ניט מיט איהם צו רעדען, מיט איהם צו געהן — און אויב ער האָט נאָך דערצו א סך געלד אויך, ווערען גאר אלע זיינע זינד חכמות, און ער קריגט דעם גרעסטען כבוד איבע־ראַל וואו ער קומט — אין שול אזוי גוט ווי אין לאָדזש, אין געזעלשאַפט אזוי גוט ווי ביי ביזנעס. און זאָגאַר רבנים און מיידים וואָס מאַכען א לעבען פון גאָט'ס וואָרט — זיי, חנפענען. אויף דעם שלעכ־טען אונמאָראַלישען מאַן, און קיינער וועט זיך ניט נאָגען איהם צו זאָגען, אז ער געהט אין א שלעכטען, קרומען וועג.

מיט דער פרוי וויעדער איז עס שוין גאַנץ אַנדערש. דער מינדעסטער שלעכ־טער שריט דערווייטערט זי פון געזעל־שאַפט. ווען א פרוי זאָל זיך ערלויבען א טויזענד חלק פון די פּלעזשורס וואָס מענער ערלויבען זיך, וואָלטען זיי אליין זיך געפיהלט אלס די גרעסטע פערברע־כערס, זיי וואָלטען קיינעם גלייך אין די אויגען ניט געקענט קוקען, ווער שמועסט פאר זייערע אייגענע מענער וואָלטען זיי זיך געווים געשעהמט, טאָמער וועלען ביי זיי די מענער לעזען אויף'ן שטערען אז א פרעמדער מאַן האָט זיי א קוש, אדער א גלעט געטהון.

איך וועל יעצט אריינפיהרען די לע־זער צו א סמאָוקער צו ציינגען א ביי־שפּיעל ווי מענער אַמוזירען זיך.

מען רופט עס בלויז א "סמאוקער" אום צו פערבלענדען די אויגען דער פרוי און די קינדער, אז ווען זיי וועלען זעהן דעם טיקעט זאלען זיי מיינען אז דאס איז אזא מין אונטערהאלט וואו מען אמוזירט זיך סמוקענדיג סיגארען אדער סיגארעטס.

אבער עס הויבט זיך גאר ניט אן. דאס סמוקען סיגארס, סיגארעטס און פייפס איז בלויז א ביי־זאך. צוליעב דעם אליין וואלטען מענער ניט געצאהלט צו צעהן דאלער און מעהר פאר א טיקעט.

מענער אז זיי געבען געלד ווילען זיי דערפאר רייסען שטיקער נשמה פון אנדערע, און זיי זאלען דערפון האבען פלעזשור.

דער "סמאוקער" וועגען וועלכען איך רעד דא איז פארגעקומען אין א רייכען האל אפ־טאון.

דער פרייז פון א טיקעט איז געווען צעהן דאלער. אבער דער טיקעט אליין איז ניט געווען גענוג צו ערלויבען איינלאס אין האל אריין.

מען האט נאך דערצו געמוזט וויסען א פעס־ווארט, ווען מען האט ניט געוואוסט דעם פעס־ווארט האט מען אין האל בשום אופן ניט געקענט אריינקומען.

ביי דער טיהר פון האל זיינען געשטאנען צעהן ספעשעל פאליסלייט אריינצולאזען די וואס מען דארף און ארויסצווארפען די וואס מען דארף ניט.

סך הכל זיינען געקומען צום "סמאוקער" דריי הונדערט פערזאן, די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען מאנופעקטשורערס, ביזנעס לייט, ריעל עסטייטניקעס און א היבשע צאהל פראמינענטע בעלי־בתים, אויף וועלכע מען וואלט אסור געגלויבט אז זיי וועלען זיין בעלנים צו געהן צו אזעלכע אויסגעלאסענע אפעירס.

פונקט צעהן אזייגער צו דער מינוט זיינען די געווענליכע עלעקטרישע בעלייכטונגען פון האל אויסגעלאשען געווארען, און בלויז איינינע קליינע בלויע לעמפלעך האבען דונקעל בעלויכטען די קארנערס, מיט א צויבערישען בלויען שיין.

דער סטיידזש וויעדער איז געווען העל בעלויכטען פון פלאר ארויף און פון סילינג ארונטער.

מיט אמאל האט זיך געעפענט א טיר פון א זייטיגע רומקע צום סטיידזש און עס איז אריינגעקומען א מיידעל האט זיך "העפליך" פערנייגט פאר'ן "ווערטהען פובליקום" און אונטער א דאנערענדען אפלאוז איז זי צוגעגאנגען צו דער פיאנא, האט אנגעפאנגען זאנפט צו שפיעלען א מארש און א גאנצע מחנה מיידלעך האבען דורך דער זעלבער טיר ארויפגעמארטשט אויף דעם סטיידזש פארלעכוויז.

זיי האבען גארניט געזונגען, גאר ניט געטאנצט, סיין שום קונסט ניט געציינט, דאך האט מען זיי אפלאדירט א סך מעהר ווי מען אפלאדירט די גרעסטע ארטיסטען.

דאן זיינען אלע מיידלעך ארונטער פון סטיידזש צום "ווערטהען פובליקום".

זיי זיינען געגאנגען פארלעכוויז — איינע האט געטראגען אין האנד א אפענע באקס סיגארען און איינע א ליידיגע באקס.

אין האל זיינען געווען צוואנציג רייהען טשערס בעזעסען מיט די ליעבהאבער פון קונסט און יערע פארעל פון די מיידלאך האבען אטענדעט צו א רייהע טשערס.

— קויפט א גוטען האוואנא סיגאר!

— האבען זיך געהערט די קלינגענדע פרויען שטימען איבער'ן דונקעל בעלויכטענעם האל. — קיין פרייז. יעדער קען צאהלען וויפיעל ער וויל!

און מענער האבען געווארפען דאלאר בילס, צוויי דאלאר בילס און זאגאר פינפערלעך פאר דער זכיה וואס זיי האבען געהאט צו קריגען ביי פארשייטע בתולות א סיגאר און א שמייכעל. אנדערע האבען עס נאך גערעכענט פאר א גרויסע מציאה, ווייל אויסער דעם סיגאר האבען זיי אויך א קוש נעקראגען, אדער א גלעט אין בעקעל.

עס איז ביי מיר ניט דער מינדעסטער צווייפעל, אז צווישען די וואס האבען אזוי גוט־מוטהיג געווארפען פינף דא־

לארדיגע אין די באקסעס, האבען זיך גע־פונען פיעל אזעלכע מענער, וואס וועז זיי דארפען געבען דער אייגענער פרוי און קינדער א פאר דאלאר מעהר אויף דער הוצאה, מאכען זיי געוואלדען און סקאנדאלען און געבען טאקע ניט, און דא האבען זיי "קושענדיג" געגעבען פינף דאלאר פאר א סיגאר וואס איז קיינמאל ניט ווערטה געוועז מעהר ווי צעהן סענט.

נאך'ן סייל פון די סיגארען האט זיך די קאמעדיע אביסעל געענדערט.

די פיאנא - שפיעלערין האט וויע־דער אנגעפאנגען שפיעלען א מארש און דיא מיידלאך האבען פארלעכווייז געמארטשט צוריק אין זייער רום פון וואנען זיי זיינען צום סטיידזש געקומען. דארט האבען זיי איבערגעגעבען דעם פריון צו די מענערזשערס, האבען זיך איבערגעטהאן אין ווייסע קליידער און האבען זיך אזוי אויף'ן סטיידזש בעוויזען.

דאס ווערטהע פובליקום האט זיי ווי־דער שטארק אפלאדירט, און אייניגע פון די מיידלאך האבען דאן גענומען צייגען פערשיעדענע קונצען אין קערפער־ליכע איבונגען, אלץ אזעלכע וואס רו־פען ארויס ליידענשאפטס געפיהלען ביי מענער. אייניגע ווידער האבען געזונגען צינישע ליעדער, טאנצענדיג דאביי פער־שיעדענע חוצפה־טענץ און די האכגע־נאכתער האט זיך אנגעפאנגען א ריכ־טיגע באקכאנאליע. די מיידלאך זיינען ארונטערגעקומען אין האל אריין און הא־בען סערווירט וויינען און שנאפסען ביי בעזונדערע קליינע טישלעך. יעדער מאנסביל האט זיך גענומען צו זיין טי־שעל וואס פאר א קינסטלערין ער האט געוואלט — — מען האט גענומען קלינ־גען מיט די גלעזער — — טרינקען לחיים און די גאנצע חיה אין מענשען האט זיך דאן ארויסגעצייגט.

דיזע וואקכאנאליע האט אנגעהאלטען ביז ארום האלבע נאכט, און ווען אלעס האט זיך געענדיגט און מען האט שוין אנגעפאנגען געהן אהיים, האט איינער פון די געסט, א מאנופעקטשורער, זיך געוועגדעט צום מיידעל וואס האט איהם ביים טישעל אמוזירט, און האט ביי איהר געפרעגט:

— זאג מיר דעם אמת, עלים, האסט מיך טאקע אזוי ליעב וואס דו האלדזט מיך און קושט מיך און דריקסט מיך אזוי שטארק צום הארצען צו?

— יא, מיין ליעבער הערה, איך גלייך אייערע שעהנע אויגען, אייער גרויסען שטערען, מען זעהט אז איהר זייט א מאן מיט א גוט הארץ, איהר קעהרט ניט פאר'ן דאלאר ווי אנדערע, — האט זי געענטפערט און האט איהם ארומגענו־מען מיט ביידע הענד און האט איהם פעסט צוגעדריקט צו איהר ברוסט, אזוי אז ער האט זיך גאר מחיה געוועז. זי האט איהם געהאלטען אין איין קושען, זי האט איהם גארניט געוואלט אפלאזען פון זיך פון גרוים ליעבשאפט.

— ווען איך זאל פון מיין ווייב זעהן אזא ליעבשאפט, — האט ער זיך גע־טראכט, — קען מעגליך זיין, אז איך וואלט צו איהר געוועז א סך בעסער ווי איך בין יעצט.

אבער אין זעלבען מאמענט האט ער דערפיהלט אז א פרעמדע האנד איז אין זיין פאקעט, און אטאמאטיש האט ער די האנד אנגעכאפט און האט א געשריי געטהאן: פיק־פאקעט! פיק־פאקעט!

עס האט ניט גענומען קיין צוויי מי־נוט און ער האט זיך ארומגעזעהן אז קו־שענדיג האט ביי איהם די מיידעל ארונ־טערגענומען א טייערע דיימאנד פין פון זיין טאי, ארויסגענומען דעם זייגער פון פאקעט און אם ענדע האט זי איהם גע־טרייעט צו בעצויבערען מיט איהר ליע־בע, כדי איהר פארטנער זאל דערווייל קענען ארויס'גנב'ענען ביי איהם דעם פאקעט בוך פון פאקעט.

ווען איך האב דעם בריעף איבערגע־לעזען איז מיר פינסטער געווארען אין די אויגען. איך האב געפיהלט אז מיין הימעל איז ארונטערגעפאלען אויף דער ערד. שטעלט זיך פאר, דר. לעבמאן, אז איך לעז ווי א פרוי שרייבט צו איהם אזוי גוטמוטיג און אפענהערציג, אז זי ארבייט שווער און ביטער קראנקערהייד

אום זי זאָל איהם קענען שיקען רעגעלמעסיג די צעהן דאָלאַר א וואָך וואָס זי האָט איהם פערשפּראָכען, אָבער זיא האָפט, אז יעצט, ווען גאָט וועט העלפען ער וועט געזונד ווערען און וועט קומען אהיים בשלום, האָפט זי, אז ער וועט שוין מעהר ניט געמבלען און וועט שוין צו איהר זיין א מאַן ווי גאָט האָט געבאָטען און אליין טרייען צו מאַכען א לעבען זי זאָל מעהר ניט דאַרפען אזוי שווער ארבייטען ווי זי ארבייט אלע 12 יאָהר זייט זי האָט מיט איהם געהייראַט.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען וואָס פאַר א קלאַפּ דער דאָזיגער בריעף איז פאַר מיר געווען. אז איך בין ניט געריהרט געוואָרען פון זינען אין יענעם טאָג בין איך שטאַרקער פון אייזען.

איך האָב גענומען לאַנגזאַם זיך אליין צו בערוהיגען, און זעהן וואָס מיר בלייבט יעצט צו טהאָן, קיין מאַמע, קיין טאַטען האָב איך ניט מיט וועמען זיך צו בעראַטען. קיין דר. לעבמאַן איז דאָרט אויך ניטאָ. איינע אליין, עלענד ווי א שטיין, מוז איך זיך זעהן ראַטעווען ווי ווייט מעגליך. קיין פּעני האָב איך ניט מעהר ביי דער נשמה. איך האָב איהם מיין גאַנצע געלד אוועקגעגעבען, יעדען אבענד פלעגט ער אליין געהן צו מיינע פּאַקעטס און ארויסנעהמען וויפיעל געלד ער האָט דאָרט נאָר געפונען.

דערצו האָב איך געוואוסט, אז מיך האָט געטראָפען נאָך א גרעסערער אונגליק ווי דאָס וואָס ער האָט ביי מיר מיין געלד אוועקגענומען, איך האָב דערפיהלט, אז איך געה ערפילען די גרויסע פרויען־מיסיאָן אויף דער וועלט, די מיסיאָן פון מוטערשאַפט.

אַך, טהייערער הערר לעבמאַן, וואָס א שוואַכע פרויען־צימער קען אויך איבערטראַגען!

ווען מיין מאַן איז געקומען אבענד אהיים האָב איך איהם גאַרניט געזאָגט. איך האָב איהם נור ערקלעהרט, אז איך האָב דעם גאַנצען טאָג אזוי שלעכט געפיהלט, אז איך האָב ניט געקענט ארבייטען.

— א שאַדע, — האָט ער גאַנץ קאַלטבלוטיג געזאָגט, — פערלוירען עטליכע דאָלאַר!

ווען איך האָב געהערט די געמיינע בעמערקונג, האָב איך גלייך דערפיהלט צו איהם א ביטערען האַס. וואו ערגעץ אין מיין נשמה איז געווען א פונק ליעבע צו דיעזען מאַן, האָט עס דיעזע בעמערקונג אין מיר אויסגעלאָשען, אָבער איך האָב אלץ געשוויגען און האָב בעשלאָסען איהם צו וואַטשען, וואָס פאַר ביזנעס ער טהוט ווען ער געהט פון מיר אוועק.

און עס האָט לאַנג ניט גענומען, און איך האָב אלעס אויסגעפונען. עס איז מיר נאַטירליך אָנגעקומען מיט גרויס ערנידערונג, אָבער איך האָב קיין אנדער ברירה ניט געהאַט. איך האָב מיר ניט געקענט אנדערש העלפען איך האָב אליין געמוזט ארומגעהן פון איין געמבלינג פּלאַץ צום צווייטען, וואו ערגעץ א מיאוסע א העסליכע הויז, וואו מיין באַבע איז קיינמאָל ניט געווען, בין איך געווען. און אין ערגסטען פון דיא אלע פּלעצער האָב איך מיין שעהנעם אמעריקאַנער שטאָלצען מאַן געפונען, אין א הויז, וואָס איז געווען פול מיט וויין, ווייב און געזאַנג און מיט גנבים, גזלנים און געמבלערס.

אָה, דר. לעבמאַן, האָט עליזאַבעט קלויזנער אויסגערופען מיט א ריהרענדע שטימע, אז ביים דר. לעבמאַן האָבען זיך טרעהרען אין די אויגען געשטעלט פון מיטגעפיהל. איך בין אין דער הויז בלויז געווען צוואַנציג אָדער דרייסיג מינוט, אָבער די סצענען וואָס איך האָב דאָרט בייגעוואוינט וועל איך מיין גאַנצען לעבען ניט פערגעסען. איך האָב בלויז געהערט, אז ס'איז דאָ א אונטערוועלט, אָבער איך האָב קיין בעגריעף ניט געהאַט וואָס דאָס מיינט ביז איך האָב דיעזע העסליכע הויז בעזוכט.

איך האָב דאָרט געפונען אַן ערך פון פינף און צוואַנציג מענער, יונגע און עלטערע, צווישען זיי איז אויך געווען מיין מאַן. כמעט אלע זיינען געווען טויטשיכור. אויף די שמוציגע טישען זיינען געשטאַנען פלעשער וויין און שנאַפּס און

אנדערע שארפע געטרענקע. און אויף יערען טיש זיינען געלעגען א פּאַר פּעקלאך אלטע פערשמוציגטע קאַרטען, דער רויך פון די פּייפּס, סיגארען און סיגאַרעטלאך איז געווען אזוי געדיכט, אז א פריש־אריינגעקומענער מענש האָט געקענט דערשטיקט ווערען, און עס האָט גענומען עטליכע מינוט ביז איך בין געווען אין שטאנדע אלעס דייטליך צו זעהן וואָס פאר מיינע אויגען איז פאַרגעקומען. א צוואנציג יונגע מיידלאך, זעהר יונגע, כמעט נאָך קינדער, זיינען געזעסען מיט די מענער ביי די טישען און דיעזע יונגע מיידלאך זיינען געווען פונקט אזוי שיכור ווי די מענער.

איך האָב געזעהן ווי איין מיידעל מיט שעהנע בלאָנדע האָר איז געזעסען ביי מיין מאן אויף'ן שויס און האָט מיט די הענד אויסגעליידיגט זיינע פּאַקעטס, וואָס נור זי האָט געפונען האָט זי געלייגט אין איהר גרויסען הענדבעג וואָס איז געהאנגען אויף איהר לינקען ארם, און מיין מאן האָט ניט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך.

דיא זעלבע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט ביי אלע טישען. די מיידלאך האָבען בודק חמץ געווען ביי די פערשיכור'טע מענער די פּאַקעטס, און יעדע מיידעל האָט באלד ביי דער זייט געהאט איהרען א געליעבטען וועמען זיא האָט אוועקגעגעבען אלעס וואָס זי האָט אַנגערויבט פון די געמבלערס.

איך בין צוגעקומען צו מיין מאן און האָב איהם געטרייעט אויפצואוועקען.

— דזשעק, קום אהיים, — האָב איך אַנגעווענדעט אלע מיינע קרעפטע צו זיין געלאסען ווי מעגליך, וויסענדיג וואו איך געפין זיך, אָבער אלע האָבען אויסגעשאָסען מיט אזא געלעכטער, וויא איך וואָלט זיין א משוגענע.

און מיין מאן האָט זיך פון אָרט ניט געריהרט.

איך האָב בעטראכט די מיידלאך וואָס האָבען זיך אין דיעזער נעסט געפונען און אנשטאט צו פיהלען צו זיי א האַס און א שנאה, האָב איך מיט זיי גרויס מיטלייד געהאט. איך האָב געזעהן אז ס'איז א מחנה פערבלאָנדזעטע שאָף פערפיהרטע פון שלעכטע פּאסטוכער. די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען אויסגעדארט. ביי זיי אלע האָט זיך ניט געזעהן אין זייערע אויגען די מינדעסטע שיין פון לעבען און פון לעבענסלוסט.

זיי זיינען געווען ווי מאשינען אין די הענד פון זייערע פערפיהרער, עלענדע, פערוואָגעלטע, פערבלאָנדזעטע נשמות, פערנארט אהער פון די קליינע שטעדטלאך ארום און זיינען שוין אזוי טיעף אין זומפּ פערקראָכען, אז זיי קענען שוין ניט ארויס.

אזוי אָם וועניגסטען האָב איך גערעכנט, און מיר איז איינגעפאלען א אידעע, אז אזוי ווי איך וויל יעצט ראטעווען זיך אליין, זאָל איך צו דער זעלבער צייט טרייען זיי אויך צו ראטעווען, און וויפיעל מוטה און ענערגיע איך האָב נור אין זיך געהאט, האָב איך אין מיר צוזאמענגענומען און האָב זיך אוועקגעשטעלט ווי א רעדנער אויף א ביהנע און האָב געהאלטען פאָלגענדע רעדע. איך ווייס ניט אויב עס איז געווען א גוטע רעדע אָדער א שלעכטע, אָבער יעדעס וואָרט איז געגאנגען פון מיין טיעפער נשמה און עס האָט דאריבער געמאכט אויף זיי א סך א בעסערע ווירקונג ווי איך האָב אליין געקענט ערווארטען. דאָס האָב איך געקענט זעהן אין די טרעהרען וואָס זיי האָבען פערגאָסען הערענדיג מיינע ווערטער.

און דאָס איז אומגעפעהר וואָס איך האָב גערעדט:

„מיידלאך, אונגליקליכע שוועסטער, פערבלאָנדזעטע נשמות! בעגרייפט איהר דעם שרעקליכען וועג אויף וועלכען שלעכטע מענער האָבען אייך ארויפגעפיהרט?

ווייסט איהר אז אויסער צרות, שמערצען, שאנדע, קראנקהייט און שנעלער טויט ערווארט אייך קיין גוטע זאך ניט פון אזא העסליכען לעבען וויא איהר פיהרט יעצט?

ווייסט איהר אז איהר שפייזט מיט אייערע קערפּער גיפטיגע שלאנגען, וואָס זויגען פון אייך ארויס דאָס לעצטע ביסעל מארך וואָס איהר האָט און נאכהער

ווארפען זיי איך מיט עקעל אוועק ווי אן אויסגעקוועטשטען לעמאן?

ווייסט איהר אז אזעלכע שעהנע מיידלעך וויא איהר זיינט וואלטען געקענט זיין גליקליכע פרויען צו אנשטענדיגע מענער און ליעבליכע מאמעס צו פיינ-געבילדעטע קינדער?

ווייסט איהר, אז אייערע מאמעס, אויב איהר האט ערגיץ מאמעס וויינען און קלאגען און פארגיסען ימים טרעהרען אויף דעם וואס איהר האט זייער היים און זייער טיש פארלאזען?

גלויבט איהר ניט אז דער אלמעכטיגער פאטער אין הימעל וועט פון אייך ביטערע ראכע נעהמען דערפאר וואס מיט אייערע שלעכטע אויפפיהרונג רייסט איהר אוועק מענער פון זייערע פרויען, טאטעס פון זייערע קינדער און איהר זייהט טרעהרען וואו נור איהר טהוט זיך א קעהר?

אונגליקליכע שוועסטער מיינע— גלויבט ניט דיא שלאנגען וואס זיי רעדען צו אייך און וואס זיי זאגען צו אייך —זיי זיינען פאלש און נידערטרעכטיג אין זייערע פארשפרעכונגען און אין זייער האנדלונג.

„אט דא זיצט א פארשכור'טער מיין מאן, האב איך אויסגעשריען מיט אן אויפרעגענדע שטימע אז דיא ווענד האָבען אזש געציטערט, אט דא זיצט ער, און דיא בלאנדע בלאנדזוענדע נשמה זיצט ביי איהם אויפ'ן שויס. מיר חאָבען ערשט מיט עטליכע מאנאטען צוריק געחייראטה. ער האט מיר געזאגט, אז איך בין דאס איינציגע מיידעל אין דער וועלט וואס ער האט אין זיין לעבען באַגעגענט און אין זיין לעבען געליעבט— אם ענדרע יעצט, ווען איך האב שוין דערפיהלט אז איך דארף פון דעם באנדיט א מוטער ווערען האב איך אויסגעפונען אז ער האט געלאזט אן אונגליקליכע פרוי אין אמעריקא, וועלכע ארבייט קראנקערהייד און שיקט איהם צו יעדער וואך צעהן דאלאר פון איהר ביטערען שוויים, און ער פארגעמבעלט עס דא און פאר'שכור'ט עס אהן אירגענד וועלכע געוויסענסביסע.

— ער האט א כלה אויך! האט דיא בלאנדע מיידעל אויסגערופען מיט אן ערנסטע שטימע, איך האב אליין געלעזען א בריעף פון איהר צו איחם. זיא הייסט בעללא, זיא שיקט איהם אויך צעהן דאלאר א וואך.

ביי מיר האט ער אויך אויסגעסאקט פריהער מיין געלד, דערנאך מיין נשמה, האב איך געשריען און בין געווארען בייז און אויפגערעגט וויא אן אויפגערייצטע טיגערין, אבער איך וועל עס איהם ניט שווייגען.

און איך בין צוגעלאפען צו איהם און האב איהם מיט אן אויסערגעוועהנליכע קראפט ארונטערגעשלעפט פון טשער און איך האב איהם אנידערגעשליידערט צום פלאר און מיט מיינע פיס געשטויסען וואו איך האב נור געקענט.

איך ווייס ניט וואו דיא גבורה האט זיך אין מיר גענומען, איך האב איהם צווישעט וויא מען צווישעט א חזיר, דאס האב איך נאך מיט מיינע אויגען געזעהן, אבער באלד האט ער זיך אויפגעהויבען פון דעם פלאר און האט מיר מיט'ן קולאק דערלאנגט א שטארקען שטויס אין דיא אויגען אז איך בין אין אונמאכט געפאלען, און ווען איך בין צום בעוואוסטזיין געקומען, האב איך זיך געפונען אין קארלסבאד אין שטאָדטישען האספיטאל און איינער פון דיא דאקטוירים חאט מיר ערקלערט אז איך האב מפיל געווען, און אז מיין צושטאנד איז אזעלכער, אז איך מוז ליגען אין האספיטאל עטליכע וואכען, ווייל איך בין שרעקליך אבגעשוואכט.

דר. לעבמאן איז געזעסען, האט געקוקט דער נוירס גלייך אין די אויגען און האט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט צוגעהערט יעדעס ווארט וואס זיא האט פון מויל ארויסגעלאזט.

און דיא נוירס האט פארטגעזעצט:

איך האב באמערקט וויא די דאקטוירים און אלע אנגעשטעלטע פון האספיטאל צייגען צו מיר א מערקווירדיגע פריינדשאפט; איך חאב אין אנפאנגס ניט פערשטאנען פאר וואס קומט מיר אזא כבוד און אזא רעספעקט אבער באלד האב איך אויסגעפונען אז דער גאנצער סקאנדאל וואס איך חאב גע-

מאכט אין דעם געמבלינג פלאץ איז גע־ ווען פארפענטליכט אין דיא קארלס־ באר׳ער צייטונגען, זאגאר דיא רעדע, וואס איך האב געהאלטען פאר דיא גע־ פאלענע מיידלעך, און דיא קלעפ וואס מיין מאן האט פון מיר געקראגען.

— וויא אזוי איז עס געקומען אין די צייטונגען? האט דר. לעבמאן געפרעגט.

— עס ווייזט אויס אז ווען איך בין געפאלען אין אונמאכט, האבען די מייד־ לעך געמאכט א גוואלד און דיא פא־ ליציי און רעפארטערס זיינען געקומען. איינינע מיידלעך, ביי וועלכע מיינע ווערטער האבען ארויסגערופען טרעה־ רען, האבען בעשלאסען זיך פון זומפ ארויסצוראטעווען, זיי האבען עס אי־ בערגעגעבען צו דער פאליציי אלעס וואס איך האב גערעדט און וואס עס איז פאר־ געקומען צווישען מיר.

דיא מענער וואס זיינען געווען אין געמבלינג הויז זיינען זיך צולאפען ווען דיא פאליציי איז געקומען. און זייט דאן איז מיין מאן אין גאנצען פאר־ שוואונדען געווארען. מעהר האב איך איהם אין קארלסבאד ניט געקענט גע־ פינען און איך בין געווען זיכער אז ער איז צוריק נאך אמעריקא אוועק.

אזוי וויא איך האב קיין געלד ניט געהאט, האט מיר א דאקטאר אן עצה געגעבען איך זאל בלייבען אין האס־ פיטאל א שטיק צייט ביז איך וועל ערלערנען דיא נוירס פראפעסיע, וואס איז א זעהר גוטע פראפעסיע אין אמע־ ריקא, ביי וועלכער איך וועל קענען מא־ כען א בכבוד׳ען לעבען פאר זיך אליין ביז איך וועל אויסגעפינען און פטור ווערען פון מיין מאן. און דאס געלד וואס איך וועל קריגען דורך דער צייט פון מיין לעהרע, וועל איך קענען שפא־ רען און האלטען פאר מיינע רייזע־ קאסטען.

דא האט עליזאבעט זיך אבגעשטעלט און האט ארויסגענומען פון איהר העגד־ בעג איינינע צייטונג׳ס אויסשניטע און האט עס דערלאנגט צו דר. לעבמאן. ער האט אלעס אויפמערקזאם געלעזען און האט פון צייט צו צייט אויפגעהויבען זיינע בליקען צו דער יעניגער וואס האט איהם דיא קליפינגס דערלאנגט.

— אט אזוי דארף האנדלען א פרוי אין דער יעצטיגער צייט פון פרויען־ רעכטע, האט ער געזאגט און האט גע־ שמייכעלט לעזענדיג דיא קליפינגס. עס איז פאראיבער יענע שקלאפען פעריא־ דע, ווען אלעס וואס דיא פרוי האט געוואוסט צו טהון איז צו וויינען. וויא איך זעה דא קענען זיך דיא צייטונגען ניט אבלויבען פון אייער העלדענטהאט —זיי וואונדערען זיך וואו עס קומט וואס דיא גענגסטער האבען אייך גע־ לאזט א לעבעדיגע. איך זעה דא אין איין קליפינג אז איינינע פילאנטראפען האבען אייך אנגעבאטען שטיצע...

— יא, האט זיא געענטפערט, אבער איך האב פון קיינעם קיין שטיצע ניט געוואלט אננעהמען. נור דיא האספי־ טאל עקספענסעס מיינע וואס איך ווייס ניט ווער עס האט באצאהלט. איך דענק אז דאס האט געמוזט טהון דער בעל־ הבית פונ׳ם האטעל וואו איך האב גע־ ארבייט. איך בין צו איהם מעהר ניט געגאנגען. איך האב זיך געשעהמט צו קוקען א בעקאנטען אין פנים אריין. נאכדעם וויא דיא צייטונגען האבען פון מיר געמאכט אזא גרויסע סענזאציע.

צו מאכען א לאנגע געשיכטע קורץ, דר. לעבמאן, יעצט בין איך דא אין ניו־ יארק. איך ארבייט אין בית משה האספיטאל אום צו פארדיענען דערוייל מיין ברויט, ביז איך וועל געפינען דעם באנדיט, וואס האט מיך אזוי ברוטאליש גענארט און בעשווינדעלט. דאן וועל איך טרייען פון איהם ארויסצוקריגען א גט איך זאל ווערען א פרייער מענש און אנפאנגען זוכען פאר מיר א פריינד און א היים — דיא יונגע יאהרען געהען אוועק, איך האב נאך גאר ניט געלעבט —און עס ווילט זיך זעהר לעבען...

— זאגט מיר, האט זיך דר. לעבמאן צו איהר געווענדעט, ווארום רופט איהר זיך מיט קלוזנער און ניט מרס. בארא, דערווייל זיינט איהר דאך געזעצליך זיין פרוי.

—אה, דר. לעבמאן, ווען מען זאל

מיך אָבגילטען וועל איך דיעזען שאַנדנאָמען ניט טראָגען מעהר. קיין געזעץ אין דער וועלט קען מיך ניט צווינגען צו טראָגען אויף זיך א נאָמען פון א געגנסטער. ווען איך טראָג דעם נאָמען פון מיינע טהייערע עלטערען פיהל איך אז איך בין אן עפּעס אויף דער וועלט. איך וויל מיינע טויטע טאַטע מאַמע דעם בזיון ניט אָנטהון צו טראָגען א נאָמען וואָס קען מעהר ווי שמוץ און שאַנדע מיט זיך ניט ברענגען. פון דעם מאָמענט אָן וואָס איך האָב געלעזען דעם בריעף פון זיין אומגליקליכע פרוי, האָב איך גלייך צו זיך אליין געזאָגט: מיין נאָמען זאָל ווידער זיין מיס עליזאַבעט קלויזנער. איך גלייך קיינמאָל ניט צו שפּיעלען דיא ראָליע פון צוויי קוני לעמעלס.

א ריינער, אן עהרליכער געוויסען פערגעסט אימער שנעל די ליידען. די ערשטע זונען שטראַהלען ברענגען גלייך ליכט צו די וואָס האָבען זיך געמאַטערט יאָהרען לאַנג אין פינסטערניש אונשולדיגערהייד.

עס איז געווען די ערשטע וואָך אין מאָנאַט דזשון. א פּראַכטפאָלער טאָג, ניט צו הייס און ניט צו קאַלט. קאָני איילענד האָט נור וואָס אָנגעפאַנגען רוישען און קאָכען מיט לעבען.

אין האַמעל'ס רעסטאָראַן זיינען געזעסען א גרופּע ערנסטע האַרציגע פריינד און האָבען צווישען זיך געפיהרט אַן ערנסטען געשפּרעך, ביי א טיש פון כל טוב צו וועלכע די אייגענטימעריין פון רעסטאָראַנט, מרס. האַמעל אליין, האָט אַטענדעט, ווייל די גאַנצע גרופּע וואָס זיינען ביים טיש געזעסען זיינען אויך געווען איהרע פּערזענליכע פריינד.

ארום גרויסען קיילעכדיגען טיש זיינען געזעסען דר. לעבמאַן, פרוי וויינגאַרטען, לאַיער שטיינהאַרט, מרס. באַראַן, מיס עליזאַבעט קלויזנער און דר. לעבמאַן'ס אַ פריינד, א סינגעלמאַן מיט דעם נאָמען הענרי קימעל.

מר. קימעל איז געקומען אויף דער איינלאַדונג פון דר. לעבמאַן, ווייל דר. לעבמאַן האָט זעהר געוואָלט אז עליזאַבעט זאָל זיך מיט דעם יונגען מאַן נאָהענט בעקאַנען און אויב זיי וועלען גלייכען איינס דאָס אנדערע וועט עס זיין א גלייכעס פּאָר.

מר. קימעל איז געווען די אָרענטליכקייט אליין. וואו ער האָט געהאַט א מינוט פרייע צייט האָט ער עס געווידמעט פאַר דער מענשהייט. צו העלפען א לאַידענדען, אַבצוּוואַישען איינעם א טרער איז פאַר מר. קימעל ניט געווען צו שווער צו לויפען אין פייער און אין וואַסער, ער האָט ניט געקענט וועה טהאָן אפילו א פליעג אויף דער וואַנד און דערפאַר האָט איהם דר. לעבמאַן זעהר געליעבט און געשעצט, און אַזוי ווי דר. לעבמאַן האָט שוין געהאַט די געלעגענהייט גוט קענען צו לערנען די מיס עליזאַבעט קלויזנער אויך, האָט ער זעהר געוואָלט אז מר. קימעל זאָל חתונה האָבען מיט מיס קלויזנער, און די גרופּע וואָס זיינען זיך יעצט צוזאַמענגעקומען אין האַמעל'ס זאַלען פיר אימער בלייבען וויא איין משפּחה.

עס איז געווען א גרופּע פון עהרליכע ריינע ליעבענדע הערצער; א גרופּע פון פערוואָגעלטע נשמות וואָס האָבען געזוכט א מקום מנוחה, א וואַרימע טרייע האַרץ וואו צוצושפּאַרען זיך — זיי האָבען געזוכט ליעבע און לעבען.

דר. לעבמאַן איז געווען דער ערשטער דאָס וואָרט צו נעהמען, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אַביסעל ערפרישט און האָבען איבערגעכאַפּט דעם הונגער.

— דאָס ערשטע וויל איך רעדען א פּאָר ווערטער צו פריינד שטיינהאַרט און צו פרוי באַראַן, — האָט ער אָנגעפאַנגען, — איהר — דאַרפט אונז גאַרניט זאָגען און גאַרניט דערצעהלען, מיר ווייסען און פיהלען עס פּונקט ווי איהר אליין, אז איהר ליעבט איינס דאָס אנדערע מיט אייער גאַנצער נשמה, און אז איהר וועט זיין די גליקליכסטע מענשען אין דער וועלט ווען איהר וועט הייראַטהען. עס וועט זיין א פאַמיליען לעבען פון צוויי ליעבענדע הערצער און גאָט און לייט וועלען אייך מקנא זיין. איך ווייס אָבער אויך וואָס אייך שטערט אויף'ן וועג פון

אייער גליק. איך רעד צו אייך וויא א פאטער צו זיינע אייגענע קינדער. עס זיינען דא צוויי שטערונגען וואס לאזען ניט אייער גליק זאל זיין פאלקאמען, איין שטערונג איז דאס קינד, און דיא צווייטע איז נאך א גרעסערע ווי דאס קינד.

לאיער שטיינהארט האט געקוקט דעם רעדנער גלייך אין די אויגען ער זאל קיין איינציגווארט ניט פערליערען.

און דר. לעבמאן האט פארטגעזעצט.

— איך ווייס אז פריינד שטיינהארט איז א מאן מיט א ריינעם נאמען, מיט אן אונבעפלעקטע רעפוטאציע. זיין לע־בענסבוך איז קלאהר, ווייס, אהן אייר־גענד וועלכען פלעק. איך אליין גיב צו אז ווען עס וועט בעקאנט ווערען אין דער עפענטליכקייט, אז פריינד שטיינ־הארט׳ס פרוי איז די געוועזענע פרוי פון א קעשעניע גנב, פון א העסליכען געמבלער און שווינדלער, וועט דאס איהם זעהר פיעל שאדען צו זיין ריינעם נאמען און מעגליך אז דאס וועט איהם אויך זעהר פיעל שטערען צו זיין פרא־פעסיע. אבער ליעבע און לעבען איז שטארקער פון אלעם — און איך האב דערצו א וועג וואס וועט אוועקנעהמען אלע שטערונגען און וועט אייך פיהרען פון דער חופה גלייך צו די טויערען פון שטענדיגען גליק.

— ארדבה, — האט לאיער שטיינ־הארט אויסגערופען אונגעדולדיג, — צייגט מיר אזא וועג.

— איילט זיך ניט, — האט דר. לעב־מאן געזאגט מיט א שמייכעל, — איהר קענט זיכער זיין, אז ווען איך האב גע־זאגט, אז איך האב א וועג, האב איך איהם, און איהר וועט אויף דעם וועג מוז־זעהן געהן. ווייל קיין אנדער וועג איז ניטא וואס זאל פאר אייך מאכען אפען די טויערען פון ליעבע און לעבען. האט אביסעל געדולד, איילט זיך ניט. איך וויל יעצט רעדען א פאר ווערטער צו אונ־זער נייער פריינדין מיס קלויזנער, אבער איידער איך וועל רעדען צו מיס קלויז־נער, וועלען מיר פריהער ענדיגען אונ־זער מאלצייט, טרינקען א גלעזעל ביער און אביסעל זיך משמח זיין.

מרס. האמעל האט דערלאנגט איהרע ליעבע געסט די פיינסטע מאכלים און משקאות און מען האט זיך ווירקליך זעהר פיין משמח געווען.

דר. לעבמאן און פרוי וויינגארטען, וועלכע האט געוואוסט דר. לעבמאן׳ס אלע פלענער, ווייל איהר האט ער אלעס אנפערטרויט, זייביידע האבען גע־וואטשט דעם מר. קימעל און די מיס קלויזנער. און זיי האבען אנגעקוואלען, ווען זיי האבען געזעהן ווי דאס פארעל איז צוגעקלעפט געווארען איינס צום אנ־דערען גלייך ביי דער ערשטער בעקאנט־שאפט. מיס קלויזנער האט זיך פער־ליעבט אין זיין עהרליכקייט, אין זיין אפענהערציגקייט, און מר. קימעל האט זיך פערליעבט אין איהר שעהנקייט און אין איהר בילדונג.

מר. קימעל האט פאר זיך געזעהן א יונגע דאמע וואס פערשטעהט דאס לע־בען דורך־און־דורך, א מענש וואס האט פיעל געליטען און זוכט א פריינד, ליע־בע און לעבען.

ער האט איהר דערצעהלט אז ער איז ניט רייך, נור ער וועט גראבען ערד און טראגען שטיינער פאר דער יעניגער צו וועלכער ער וועט פיהלען ליעבע און רעספעקט.

— איך בין שוין אלט איבער דרייי־סיג יאהר, — האט ער איהר צווישען אנדערעס געזאגט, — איך בעלאנג צו צעהנדליגע קלובס און טשאריטי סאסיי־עטיס, וואו עס בעלאנגען מאסען יונגע דאמען, און איך ווייס אליין ניט ווארום איך האב מיר די גאנצע צייט קיין פא־רעל ניט געקענט צוקלייבען?

— איהר האט הפנים געמוזט ווארטען אויף אימפארטירטע וואארע, — האט זי געענטפערט מיט א ליעבליכען שמיי־כעל.

— די פראגע איז אבער וואס דענקט די אימפארטירטע וואארע וועגען מיר?

— האט ער געזאגט און האט איהר גע־קוקט אין די אויגען צו לעזען די אנט־

ווארט נאך איידער זי וועט איהרע ליפען עפענען.

— וועלל, — האט מיס קלויזנער גע־ענטפערט, — איך וועל אייך זאגען דעם גאנצען אמת. דר. לעבמאן האט אייך אזוי הויך רעקאמענדירט צו מיר, אז איך האב אייך ליעב בעקומען נאך איידער איך האב אייך געזעהן. אבער זאגט מיר, פריינד קימעל, האט ער אייך דערצעהלט וועגען מיר אלעס? — — — —

— אלעס, אלעס! — האט ער איהר אונטערבראכען, און איך בין צופריעדען — אלעס וואס איך ווינש מיר יעצט איז נור צו הערען פון אייערע זיסע ליפעלאך דאס קליינע ווארט "יא", און מיר נעה־מען באלד מרס. האמעל'ס א טעלער און צוברעכען.

— דאס ווארט וועט איהר פון מיר הערען שפעטער, — האט מיס קליוזנער געענטפערט, — אויס רעספעקט צו פריינד דר. לעבמאן איז מעהר ניט ווי רעכט מיר זאלען ווארטען א פאר מינוט, ביז ער וועט מיר זאגען, דאס וואס ער האט צו זאגען, און איך האף אז מיין "יא" וועט קומען אלס אן אנטווארט צו אייך ביידע...

אין דעם מאמענט האט דר. לעבמאן זיך געלאזט הערען.

— יעצט, פריינד, — האט ער אויס־גערופען, — לאזט מיך ענדיגען וואס איך האב אנגעפאנגען, איך געה יעצט רעדען דירעקט צו אייך, פריינדין קלויז־נער.

— איך הער, מיין פריינד, — האט מיס קלויזנער געענטפערט מיט א ליע־בען שמייכעל.

— איך אויך! — האט מר. קימעל אויסגערופען.

— איך אויך! — האט מרס. בראון געזאגט.

— איך געווים! — האט פרוי ווינ־גארטען געהויבען די הענד. — איך גלייך אימער צו הערען ווען איהר רעדט, פריינד לעבמאן.

עס איז אין האל געווארען א גאנצע מהומה, די מיידלאך זיינען אלע ווי דורך א כישוף פערשוואונדען געווארען, וועה־רענד פיעלע אנדערע פון ווערטהען פוב־ליקום האבען זיך ארומגעזעהן, אז מען האט זייערע פאקעטס אויסגעליידיגט, עס איז געווארען אַ גרויסער טומעל און אלע בערויבטע זיינען צוגעלאפען צום מאן וואס דער מאנופעקטשורער האט ביים האנד געהאלטען און האט ניט אויפגעהערט צו שרייען: פיק־פאקעט! פיק־פאקעט!

מען האט דעם פיק־פאקעט גע'הרג'עט, גע'ממית'ט. מען האט אין זיינע פא־קעטס געפונען עטליכע פאקעט־בוקס מיט געלד וואס איהם האט געלונגען ארויס־צו'גנב'ענען ביי די מענער, וועהרענד זיי זיינען געוועזען פערהיפנאטיזירט מיט דער ליעבע פון די סמאוקער בתלות.

פאליסלייט האבען אין דרויסען דער־הערט די מהומה און זיינען אריינגעקו־מען אין האל, נאכדעם ווי זיי האבען אויסגעהערט אלע קאמפלעינס האבען זיי דעם קעשענע גנב ארעסטירט און אוועק־געפיהרט אין סטיישאן הויז א צוקאליע־טשעטען.

אויף מארגען עלף אזייגער אין דער פריה איז פארגעקומען דער פערהער אין פאליס קאורט.

בלויז א טייל פון די בערויבטע זיינען געקומען. פיעלע האבען געמאכט א שווייג. זיי האבען ניט געוואלט זייערע נעמען זאלען פערעפענטליכט ווערען, און האבען דעריבער געזאגט א שעהנע ריינע כפרה צו זייערע שאדענס.

דער מאנופעקטשורער וואס האט גע־כאפט דעם קעשענע גנב ביי דער האנד איז געוועזען דער ערשטער צו קומען און פרעסען די קעיס, ווייל ער האט גערע־כענט, אז זיין דיימאנד פין מוזען אויך זיין ביים תכשיט, וואס פיהרט מסתמא א פיפטי־פיפטי ביזנעס צוזאמען מיט די מיידלאך.

— ווי איז אייער נאמען? — איז געוועזען די ערשטע פראגע וואס דער מע־דזשיסטרייט האט געשטעלט דעם פרי־זאנער נאכדעם ווי א פאליס אפיסער האט איהם איבערגערייכט א פייפער מיט דעם אינהאלט פון דער קעיס.

— דזשעק באראן. — האט דער פריזאנער קורץ גענטפערט.
— ווי אלט זייט איהר?
— פינף און דרייסיג יאהר.
— וואו וואוינט איהר?
— אין 44 טשאפּ סטריט.
— פערהייראטה?
— יא.
— וואס איז אייער בעשעפטיגונג?
— סיילסמאן, — האט ער געשטאמעלט.
— וואו? ביי וואס? ביי ועמען?
— יעצט ארבייט איך ניט אין ערגעץ, — האט ער געשטאמעלט.
— וואס האט איהר געטהאן ביי דעם מאן אין פאקעט?
— איך האב געהאט א מיסטייק, איך האב געמיינט ס'איז מיין פאקעט.
— ווי אזוי זיינען געקומען ריעזע אלע פאקעט־בוקס צו אייך אין פאקעט? — האט איהם דער מעדזשיסטרייט גע־פרעגט און האט איהם געציינט זעקס פאקעטבוקס וואס דער פאליסמאן האט געבראכט אלס בעווייזע.

דער פריזאנער האט דארויף גארניט געהאט צו ענטפערען, און נאכדעם ווי די אנקלעגער האבען אין קורצען דער־צעהלט די גאנצע געשיכטע, האט דער דזשאדזש געשטעלט דעם אנגעקלאגטען אונטער דריי טויזענד דאלאר בעיל פיר קאורט און דזשענעראל סעשאנס, און האט געארדערט מען זאל איהם אוועק־פיהרען אין דזשייל.

דעם זעלבען נאכמיטאג איז די [illegible] געוועזען געמעלדעט אין אלע צייט[illegible], און ווען דר. לעבמאן האט די נייעס אין צייטונג געלעזען, האט ער געשמייכעלט און געמורמעלט צו זיך אליין:

— דער פויגעל איז דא — סוף גנב לתליה!

און ער האט גלייך אפּגערופען דיא פרוי וויינגארטען פער טעלעפאן און האט איהר געזאגט:

— קויפט היינט א נאכמיטאג צייטונג, און איהר וועט דארט געפינען א וויכטיגע נייעס!

32טער קאפיטעל.

## וואו אמת'ע ליעבע הערשט

דער גוטער מענש, דער ליעבער מענש ברענגט איבעראל ליכט און פרייד. ער איז גוט צו זיין פרוי, ער איז גוט צו זיינע קינדער, ער איז גוט צו זיינע פריינד און ער איז גוט צו דער גאנצער וועלט — צו זיך אליין אויך.

דער שלעכטער מענש איז צו אלעם ערשטען א סם המות צו זיין ווייב, א קללה פאר זיינע קינדער, א שונא צו זיין משפחה, א פיינד צו דער גאנצער וועלט — און צו זיך אליין אויך.

קיינער קען א שלעכטען מענשען אזוי פיעל שלעכטעס ניט טהאן ווי דער שלעכטער מענש טהוט זיך אליין.

וואס איז דען דעם מענשען'ס גאנצער פערגעניגען אין לעבען, אויב ניט צו זעהן ארום זיך שטענדיג צופריעדענע שמייכלענדע געזיכטער?

"דאי באזשע דאברי האסטי טא אי מי פאזשיוויומסיא", איז דא א שפּריכ־ווארט ביים רוסישען פויער, וואס מיינט: גיעב נאט גוטע געסט וועלען מיר אויך הנאה האבען, אז מען געפינט זיך אין א גוטער לוסטיגער צופריעדענער סביבה איז מען אליין אויך לוסטיג און צופרי־דען. אלעס ארום אייך לעבט און איהר אליין לעבט אויך.

דער שלעכטער, פערדארבענער מענש לעבט אליין ניט און לאזט אנדערע ניט לעבען. ער פערגיפטעט די גאנצע סביבה ארום זיך. ער פערשטעלט די ליכט פון דער זון, ברענגט שווארצע וואלקענס און רעגענס פון טרעהרען וואוהין ער קומט נור אריין.

דזשעק באראן, זייט ער איז אלט גע־ווארען אכצעהן יאהר האט ער מיט זיין קומען אין ערגעץ קיין ריכטיגע פרייד ניט געבראכט, ער איז אימער געוועזען ווי א דיקער שווארצער וואלקען וואס האט נור געבראכט טרערען רעגענס. און וואס האט ער דען געהאט דערפון — ער האט גענארט אלעמען און זיך זיך אליין נאך מעהר ווי יענעם.

די אלע יאהרען וואס ער האט אנדע־רע גענארט האבען איהם קיין גליק און קיין רייכטהום געבראכט. קיין נאמען

געווים ניט. ער איז אלע מאָל געפאַלען נידעריגער און נידעריגער ביי יענעם און ביי זיך, ביז ער איז געקומען צו דער מדרינה פון אן איינפאַכען גנב און איז א פּיק־פּאַקעט געוואָרען.

דער זעלבער מאַן, ווען ער זאָל האַנד־לען געגען זיין פרוי ווי א מענש; ער זאָל געוועזן טרייען צו ארבייטען און מאַ־כען פאר איהר אן אנשטענדיגען לעבען און זיין צו איהר אזוי טריי ווי זי איז געוועזן צו איהם — וואָלטען זיי ביידע געווען גליקליך זייער וועלט אָפּגעלעבט, ווייל זי האָט קיינמאָל וועגען אן אנדער מאַן ניט געדענקט אפילו, און נור זיין העסליכע אויפפיהרונג, זיין געמיינע פאלשקייט האָט זי ענדליך געטריבען איהם צו פערדאַמען און צו האַסען ווי מען האסט א שלעכטען, א גיפטיגען שלאַנג פון וועלכען מען קען שוין קיין מאָל קיין גוטעס ערוואַרטען.

סוף גנב לתליה — די ענדע פון א גנב איז די תליה.

דזשעק בּראַון׳ס טרייעל איז געווען א קורצער און א שאַרפער. די פּאַקעט־בוקס וואָס מען האָט אין זיינע פּאַקעטס געפונען, זיינען געווען גענוג בעווייזע, און דער דזשאַדזש האָט איהם פּאַראור־טיילט צו צוויי יאָהר שווערע ארבייט אין פּריזאָן, און האָט איהם דאַביי גע־געבען א לעקטשור אז אויב די צוויי יאָהר וועלען פון איהם ניט מאַכען א לייט, וועט זיין ענדע זיין דער עלעקטרישער טשער.

— אח, ווארום האָב איך ניט גע־פאָלגט מיין גוטע ליעבע פרוי? — האָט ער אָפט געטראַכט ארבייטענדיג נאָכ־הער אין דזשייל מיט׳ן ביטערען שווייס און קריגענדיג גוטע קלעפּ פון׳ם פאָרמאַן — וואָס האָט זי דען פון מיר געפאָ־דערט? בלויז אביסעלע יושר, עטוואָס מענשליכקייט, און איך בין צו איהר גע־ווען אזוי פאַלש, אזוי געמיין, אזוי שלעכט. אויב פאר גנב׳ענען א פּאַקעט־בוק ביי אן אַלראַיטניק קומט צוויי יאָהר דזשעיל, קומט א שלעכטען מאַן וואָס בע־האַנדעלט א פרוי אזוי שלעכט ווי איך האָב מיין פרוי בעהאַנדעלט, דער עלעק־טרישער טשער, א שלעכטער מאַן איז נאָך ערגער ווי א מערדער. א מערדער שיסט אָדער קוילעט א מענשען אין פינף מינוט צייט, אָדער נאָך וועניגער און א שלעכטער מאַן ציהט ארויס דאָס בלוט פון זיין קרבן טראָפּען־ווייז. א פרוי פון א שלעכטען מאַן איז געקוילעט און ניט דערקוילעט.

דער אונגליק איז וואָס חרטה קומט אימער צו שפּעט. ווען דזשעק בּראַון האָט דיעזע געדאַנקען צום הארצען גע־נומען ביי דער ארבייט אין דזשעיל, איז זיין פרוי, וועלכע האָט פון איהם אזוי פיעל געליטען, שוין געווען א פרייער מענש. איהר געליעבטער האָט פאר איהר שוין נעהאַט ארויסגעקראַגען איהר גט, זי איז שוין פאָלשטענדיג געזונד געוואָ־רען און די גוטע בשורה וואָס זי האָט געהערט פון איהר געליעבטען׳ס מויל אז זי איז שוין פריי האָט אין איהר אריינ־געבלאָזען אן אטהעם פון נייעס פרישעס לעבען, אזוי אז זי האָט געשיינט ווי דער ליכטיגער מאָרגען שטערען.

---

בלויז לאָיער שטיינהאַרט איז געזעסען שטיל, פערזאָרגט און פערטיעפט אין מחשבות, ווי צו עררייכען זיין ליעבע און ניט שעדיגען זיין גוטען נאָמען וואָס ער האָט אימער אזוי ריין געהאַלטען פאר זיך און פאר דער וועלט.

דר. לעבמאַן האָט זיך געווענדעט די־רעקט צו מיס קלויזנער.

— עס פריידט מיך פון מיין טיעפען הערצען, — האָט ער געזאָגט, — וואָס איהר האָט געפאָלגט מיין עצה און האָט אויפגעגעבען די אידעע צו נעהמען ראַ־כע פון אייער בעטריגער. ראַכע איז ניט מענשליך. דער גרויסער מענש, דער גו־טער מענש זוכט ניט קיין ראַכע, נאַטור אליין רעכענט זיך פאר אונז אָפּ מיט שלעכטע מענשען. ער האָט געקראָגען צוויי יאָהר דזשייל פאר אייך, פאר מרס. בּראַון און פאר בעללא וויינגאַרטען — גענוג! דערווייל איז די וועלט פטור גע־וואָרען פון א שלעכטען מענשען. דאָרט אין דזשייל וועט ער מעהר קיינעם קיין שלעכטס ניט קענען טהאָן. איך ווייס

אבער, אז מיר אלע וואלטען זיך קיינ־מאל ניט וועלען מעהר מיט דיעזען גע־מיינעם נפש צו בעגעגענען.

— געוויס ניט! — האבען אלע אין איין שטימע אויסגערופען.

— איך גלויב אין א לעבען, וואו איך זאל קענען געהן מיט אפענע אויגען אי־בעראל און ניט דארפען מורא האבען טאמער וועל איך בעגעגענען א שונא!

— האט דר. לעבמאן געזאגט. — אויב איהר, מיין טייערע מיס קלויזנער, וועט זיך בעקאנען נעהנטער מיט מיין פריינד קימעל און וועט אנערקענען, דאס וואס איך האב שוין לאנג אנערקענט, אז ער איז אייער פאסענדער לעבענסבעגלייטער, האב איך דאן פאר אייך און פאר פריינד שטיינהארט איין גוטען און זיכערען וועג — — —

— לאמיך שוין הערען וואס איז דער וועג? — האט לאיער שטיינהארט אויס־גערופען אונגעדולדיג, און מרס. באראן האט איהם געקוקט גלייך אין די אויגען אריין.

— דער וועג איז, אז איהר זאלט היי־ראטען אין א גוטער שעה, און זאלט גלייך אוועקפאהרען אין ארץ ישראל דארט אפצולעבען אייערע יאהרען אין ליעבע און אין פריעדען.

— דאס איז א פלאן! — האט לאיער שטיינהארט אויסגערופען מלא שמחה.

— דערפון האב איך גארניט געדענקט.

און ווי א בייבי איז ער ארויפגעפאלען זיין געליעבטער אויף'ן האלדז און קליג־גענדע קושען האבען פראקלאמירט זייע־רע ביידענס צופריעדענהייט.

— אז, צו לעבען אין פאלעסטינע איז אימער געווען די גאנצע אמביציאן מיי־נע, — האט קימעל אויסגערופען, — אבער די פראגע איז וואס מיין צווייטע העלפט וועט דארויף זאגען.

און ער האט גענומען קוקען אויף מיס קלויזנער מיט א פראגע צייכען אין זיי־נע אויגען.

זי האט פערשטאנען וואס ער האט געמיינט און זי האט געענטפערט מיט א ריינע, קלינגענדע שטימע:

— דעם אמת זאגענדיג, איז מיין אי־דעאל אימער געווען נור אמעריקא. איך בין געווען מיט דער מיינונג אז אמע־ריקא איז די איינציגע גאט געבענשטע לאנד אין דער וועלט, וואו יעדער מענש קען געפינען ברויט און פרייהייט. אבער ווען עס קומט צו דער פראגע פון פא־לעסטינע, דאן איז שוין א גאנץ אנדער זאך — א קליינע איינענע הייזקע איז פיעל בעסער ווי צו וואוינען אין א פרעמ־דע אפארטמענט הויז, מעג עס זיין די רייכסטע הויז אין דער וועלט. פרעמדס איז ניט קיין אייגענס. אויסער דעם איז דא א פאלקס ווערטעל "מיט'ן מאן אפילו פון יענער זייט ים". פריינד קימעל, איך זאג אייך דא אלעמען אין די אויגען, אלעס וואס איך פיהל ביי מיר טיעף אין מיין נשמה. עס פריידט מיך וואס איך האב געהאט דאס גרויס גליק אריינצופא־לען אין אן אטמאספערע פון אפענהער־ציגע פריינדשאפט, וואו איינער האט ניט קיין סודות פאר'ן אנדערען, און וואו מען קען ארויסזאגען דעם אמת אונגע־שטערט. איך זאג אייך דעם אמת, פריינד קימעל, אז מיין הארץ נייגט צו אייך, איך בין כמעט אלע הונדערט פראצענט זיכער, אז איך וועל אין אייך געפינען דאס וואס מיר אלע וואס געפינען זיך דא יעצט זוכען — און דאס איז ליעבע און לעבען; אבער אין איין טאג קען די גרויסע געביידע פון ליעבע ניט אויסגע־בויט ווערען, מיר מוזען זיך בעקאנען נעהענטער, געהן צוזאמען, פערברענגען צוזאמען, רעדען, שמועסען צוזאמען, און די ווערטהע געזעלשאפט דא וועט אזוי גוט זיין און מיר געבען אם וועניגסטען א מאנאט צייט איך זאל אייך קענען ענט־פערען, אויב איך און פריינד קימעל פאהרען נאך פאלעסטינע אלס מאן און פרוי, אדער ניט.

— פריינדין עליזאבעט האט פאלקא־מען רעכט! האט פריי וויינגארטען ארויסגערופען — פון איילעניש קומט קיינמאל קיין גוטס ניט ארויס.

— דאס האט איהר רעכט, האט דר. לעבמאן בעמערקט פון איילעניש קומט קיין גוטעס ארויס — ביי אונז געהט עס שוין אביסעל צו לאנגזאם.

— געווער מיינר, האט פרוי וויינגארטען געענטפערט — מיר וועלען נאך פאהרען אלע צוזאמען אין ארץ ישראל —אונזער כנופיא טאר ניט צוריסען ווערען.

— לאמיר האפען, האט דר. לעבמאן געזאגט און א שווערער זיפץ האט בעגלייטעט זיינע ווערטער.

## 33טער קאפיטעל
## דער אידישער טרעמפ

דער ערשטער סימן פון אן אנשטענדיגען מענשען איז ווען ער האלט עהרליך זיין פרוי און האלט ריין און עהרליך זיין פאמיליען לעבען.

א מאן וואס רעספעקטירט ניט זיין פרוי און א פאטער וואס קערט ניט פאר זיינע קינדער — קען קיינמאל ניט ערייכען דעם אויבען־אן אין געזעלשאפט.

אזעלכע מענשען מוזען פאלען.

עס זיינען דא פערשיעדענע גראדען ביי'ם ארונטערפאלען.

עס ווענדט זיך אין דער ערשטער ערציהונג וואס דער געפאלענער האט אין די ערשטע יאהרען געקראגען אונטער דער לייטונג פון זיינע עלטערען און פון דער סביבה אין וועלכער ער האט זיך אין זיינע קינדער יאהרען געפונען.

א געפאלענער מענש וועלכער שטאמט פון א הויז וואו מען האט געגלויבט אין גאט און אין יושר קען ניט פאלען אזוי נידעריג ער זאל קומען צו דער מדריגה פון ווערען א גנב און א גזלן. די פרומע ערציהונג האלט איהם צוריק פון שווערע פערברעכענס. ווען ער זעהט זיך ארום, אז ער האט געבלאנדזשעט, אז ער איז אראב פון גראדען וועג, אז ער האט נאכגעגעבען דעם יצר הרע צופיעל און מען האט עס אויסגעפונען — ווערט ער ניט דערפאר גאר אין גאנצען א הפקר מענש — ער זעהט אין געגענטהייל זיך אליין בעשטראפען פאר זיינע זינד. ער פאנגט זיך אן אין גאנצען צו פערנאכלעסיגען. ער הויבט אן דענקען אז יעדער פיינער מענש דארף איהם שפייען אין פנים אריין, און ער איז ניט ווערט אז אנשטענדיגער איד זאל זיך מיט איהם בעגעגענען.

אזא מענש ווערט אם מעהרסטען א גוטער ברודער מיט'ן פלעשעל. ער נעהמט זיך צום טרינקען. עסען עסט ער ווענ'ג און טרינקען טרינקט ער א סך, ביז ער ווערט א טרעמפ און א צובראכענער שארבען.

עס איז געווען אין א פיינעם זומער נאכמיטאג ווען א אידישער טרעמפ איז געגאנגען א שיכורער, פאלענדיג פון די פיס און א גאנצע באנדע לויפערס זיינען איהם נאכגעלאפען און האבען איהם בעווארפען מיט שטיינער.

ער איז געווען אזוי שיכור אז ער האט ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט. ער האט ניט געטרייעט פון די לאופערס צו אנטלויפען. ער האט זיך אלע ווילע אבגעשטעלט, האט געקנאקט מיט די פינגער און האט געזונגען לוסטיג פאלגענדע חסידישע ליעדעל:

לא אמות כי אחיה
ואספר מעשה יה.

---

איך וויל ניט שטארבען,
איך וויל לעבען,
און דעם בורא
א שבח צו געבען.

---

ניעבאטשו אומיראטי
כאטשו זשיטי
א פאנע באזשע
פאכוואליטי

---

יסור יסרני יה
ולמות לא נתנני
שטראף מיך גאט,
מיט וואס דו ווילסט
אבי צום מלאך המות
שיק מיך ניט.

---

קאראי באזשע
טשעם קאראי,
אבי דא סמערטי
ניע דאוואי.

---

פתחו לי שערי צדק,
אבוא בם אודה יה.

עפען די טויערען
פון תשובה פאר מיר,
און איך וועל געבען
א שבח צו דיר.

———

ער האט זיין ליעד ניט געענדיגט, א פאליסמאן איז צוגעקומען און האט די קליינע ווייסע חברה צוטריבען און דעם אונשעדליכען טרעמפ האט ער ארייננגע־פיהרט אין א דערבייאיגער שול וואו ער האט זיך אויפגעהאלטען.

דארט פלעגט ער שלאפען אין דעם אנטהון. ער האט קיינמאל פון זיך די שיך ניט אויסגעטהאן, און עס איז אנגע־קומען מיט צרות איידער מען פלעגט איהם אמאל נעהמען אין מרחץ און אי־בערבייטען אויף איהם די אונטערוועש.

קיינער האט ניט געוואוסט ווער און וואס ער איז, פון וואנען ער איז געקומען און צו וועמען ער בעלאנגט. מען האט אפילו ניט געוואוסט ווי ער הייסט. אין שוהל האט מען איהם גערופען: "רבי משה". ווייל ער פלעג זעהר ערנסט דאוו־נען, שטעהן לאנג שמונה עשרה, און זיך שטארק שאקלען ביי'ם דאוונען.

אויף קיינע פראגען האט מען פון איהם קיין ריכטיגען ענטפער קיינמאל ניט געקענט ארויסקריגען.

— פון וואנען איז א איד?

— פון וואנען זאל א איד זיין?

— ווי הייסט איהר?

— ווי זאל איך הייסען?

ער האט קיינמאל ניט געענטפערט אויף א פראגע דירעקט, אבער די אידען פון שול האבען געזעהן ער זאל ניט שטארבען פון הונגער און זאל האבען אי־מער א פאר סענט אין פאקעט, ווייל ער איז געווען זעהר געהארכזאם, האט גע־וואשען און געסקראבעט די פלארס פון שוהל, און האט יעדען איינעם געפאלגט א גאנג, קיין אונטערשיעד ביי טאג אדער ביינאכט, אין גוטען אדער אין שלעכטען וועטער.

דאס איז געווען משה וויינגארטען.

דער רויטער מזיק:

ווען די מרס. באראן האט איהם דער־קענט און דער סקאנדאל איז ארויסגעקו־מען אין דער עפענטליכקייט פאר זיין פרוי און פאר די קינדער. האט ער זיך ערשט דאמאלס ארומגעזעהן וואס פאר א העסליכען פארברעכען ער איז בעגאנ־גען, און ניט נור האט ער זיך געשעהמט צו קוקען זיי אין די אויגען, נור ער האט זיך זאגאר געשעהמט זיך אליין אין די אויגען צו קוקען.

ווען זיין פרוי איז צוריק געקומען מיט מרס. באראן פון האספיטאל האבען זיי איהם שוין ניט געפונען. ער איז פאר שאנדע אוועק פון הויז האט ארומגע־וואנדערט איניגע טעג איבער די גאסען פון ניו יארק, ביז ער האט זיך ענדליך אבגעשטעלט אין א קליינע חסידישע שול פון דער איסט סייד, וואו קיינער האט איהם ניט געקענט און קיינער האט ניט געוואוסט ווער און וואס ער איז אין דארט האט ער געדאווענט און געשלא־פען און איז פון חרטה און פון ערגערנים געווארען א ריכטיגער טרעמפ — וואס האט געטרייעט אבצוקומען פאר זיינע עבירות אויף דער וועלט.

## 34טער קאפיטעל

## דאס הארץ פון א פרוי

פרוי וויינגארטען האט קיינמאל איהר מאן ניט געליעבט.

די עלטערן האבען זי פערשלייערט פאר איהר מאן ווען זי איז נאך געווען זעהר יונג — און ווען זי האט אנגע־פאנגען דענקען וועגען ליעבע און לעבען, איז זי שוין געווען א מאמע פון קליינע קינדער, און האט געמוזט אויף זיך טרא־גען דעם שווערען יאך פון א לעבען אהן אירגענד וועלכע אינטערעסע — א לעבען פון שלעפען די טעג צו די נעכט און די נעכט צו די טעג אבי גיכער פטור צו ווערען פון דיזער נארישער וועלט, וואס האט פאר איהם דעם מינדעסטען רייץ ניט געהאט.

זי האט געהאט פערשידענע צייטען אין לעבען. עס זיינען געווען טעג ווען עס האט איהר איינפאך געפעהלט א שטיקעל ברויט פאר די קינדער און פאר זיך — עס זיינען געווען צייטען ווען א הר מאן האט געמאכט א פיינעם לע־בען און וואס אנבעלאנגט צו געלד האט

איהר דאן קיין זאך ניט געפעהלט, אבער ניט זי האט זיך געפרעהט ווען די צייט איז געוועזן בעסער און ניט זי האט זיך שטארק געזארגט ווען די צייט איז געווען ערגער.

איהר הארץ האט געדורשט נאך ליעבע.

זי האט געפיהלט א מארנע בענקעניש נאך א פריינד, א חבר, מיט וועמען זי זאל קענען זיצען, רעדען, פערברענגען; א פריינד, וואס זאל זי אמאל הארציג צודריקען צום הארצען, הערצליך גלעטען איהר קאפ און קושען איהר שטערען.

דערפון האט זי א סך מעהר און א סך ערנסטער גדענקט ווי וועגען דער פראגע פון "ברויט מיט פוטער".

—מיר צייגט זיך אויס, האט זי אפט געמורמעלט צו זיך אליין, אז א פרוי אהן צערטליכע בעריהרונג פון א מאן א פריינד וועלכען זי גלייכט, איז ריכטיג ווי אהן לופט — זי קען אהן דעם ניט לעבען. איי, א סך פרויען לעבען דאך פארט אב זייערע יאהרען אהן צערטליכע פריינדשאפט — איז עס טאקע ניט נעלעבט — עס איז בלויז עקזיסטירט — אבגעשטופט דאס ביסעל יאהרען.

איהר מאן האט קיינמאל פון צערטליכקייט ניט געוואוסט. ער האט אויף זיין לעבען קיינעם ניט געקושט, ניט זיין פרוי, ניט זיינע קינדער.

וואס איהם איז געקומען האט ער געפאדערט, ווי מען פאדערט פליכט פון א זעלנער — דער זעלנער טאר ניט זאגען ניין, ווען דער פאלקאווניק הייסט איהם אפילו גיהן אין דער ערד אריין— אזוי איז די מיליטערישע דיסציפלינע. וואס דער אפיציער הייסט דעם סאלדאט טהון, דארף ער זאגען: "סלושבאו וואשע בלאגאראדיע", און מוז עס טהון.

פרוי וויינגארטען האט אבער פון נאטור בעזעסען אן עדעלע, א נאבעלע נשמה. זי האט עס ניט געקענט ליידען און וואס מעהר א יאהר זי האט מיט איהם געלעבט אלץ גרעסער און שארפער איז צו איהם איהר גלייכגיטילטיגקייט געווארען. ביז עס האט זיך ענטוויקעלט אין א האס, ווי מען האסט דעם מלאך המות פאר וואס ער קומט און רויבט אוועק אן אונשולדיג לעבען אהן א פאר וואס.

ווען דער סקאנדאל אין איהר הויז האט אויסגעבראכען; ווען די מרס. באראן האט דערקענט אז דער מר. וויינגארטען איז עס דער רויטער מזיק וואס האט זי אזוי ברוטאל אטאקירט, און ער איז פאר שאנדע פון הויז פארשוואונדען געווארען — האט זי געפיהלט ווי א שווערער בארג איז פון איהרע פלייצעס אראב זי האט געקענט קוקען פריי אין אלע ווינקעלעך מיט זיכערהייט אז זי וועט אין ערגעץ איהר שונא ניט בעגעגענען.

פיעל גרעסערע פעראנטווארטליבקייט, דען קיינער האט ניט געוואוסט וואס מען געווארען "פרעסע־פרייהייט". האט מען

ביי זיך אליין, טיעף אין איהר נשמה, האט זי עפעס געפיהלט א מין צופרידענהייט פון דעם וואס איהר מאן האט אזא געמיינהייט בעגאנגען. דאס האט איהר געהאלפען צו בערעכטיגען איהר גרויסע ליעבע וואס זי האט אין הארצען געטראגען פיר דר. לעבמאן. — יעצט בין איך צו איהם מיט גאר ניט פערבונדען. האט זי צו זיך אליין געזאגט. ער האט מעהר קיין מאראלישע רעכט מיך צו רעכענען אלס זיין פרוי. מיין מאן איז ער געוויס מעהר ניט. מיין הארץ איז פריי, מיין נשמה איז פריי און איך קען מיט זיך יעצט טהאן וואס איך וויל.

איהר ליעבע צו דר. לעבמאן איז דערוויל געווען ווי מען רופט עס בלויז א פלאטאנישע ליעבע.

זי איז מיט איהם געגאנגען, געפאהרען, פערבראכט. מען האט שוין איבעראל געוואוסט, אז ווען מען רופט ערגעץ דעם דר. לעבמאן צו אן אפעיר דארף מען אויך רופען פרוי וויינגארטען, און אז מען רופט די פרוי וויינגארטען דארף מען אויך לאדען דר. לעבמאן — ווייל איינס אהן דעם אנדערען זיינען זיי קיינמאל ניט געגאנגען אין ערגעץ.

לייטישע מיילער האבען אפילו געהאט וואס צו רעדען אין דער שטיל, אבער ניט פרוי וויינגארטען און ניט דר. לעבמאן

האבען זיך וועגען דעם געקימערט — מען רעדט? זאל מען רעדען! וועמען ארט עס? זיי האבען געוואוסט דעם אמת, אז דערווייל זיינען זיי נור מיט שטארקע פריינדשאפט פערבונדען, אבער געהאפט האבען זיי ביידע אז די צייט וועט ענדליך קומען ווען זיי וועלען זיך קענען ערקלערען אפען פאר דער גאנצער וועלט אלס מאן און פרוי.

דער טאג אין וועלכען זיי האבען זיך נים געזעהן האט זיך ביי זיי פאר קיין טאג ניט גערעכענט.

אין דער פריה ווען פרוי וויינגארטען איז פון שלאף אויפגעשטאנען איז איהר ערשטער געדאנק געווען:

— היינט דריי אזייגער געה איך צו מיין טהייערען דר. לעבמאן.

און זיינע ערשטע געדאנקען זיינען געווען:

— היינט געה איך מיט מיין ליעבער פריינדין אין טהעאטער, וועל זי נעהמען פיר סאפער און וועל איהר געבען א גוד טיים.

ווען ער האט עפעס אנגעשריעבען א זאך וואס איז איהם געפעלען געווען, איז זיין ערשטער געדאנק געווען:

— זי וועט עס גלייכען. זי האט ליעב אזעלכע זאכען צו לעזען.

און ווען זי האט אבגעבאקען א פייגעם שטרודעל, איז איהר ערשטער געדאנק געווען:

— ער וועט עס גלייכען.

און אזוי האבען זיי נור גערעדט איינס וועגען אנדערען — ער וועגען איהר און זי וועגען איהם, און האבען דאביי געפיהלט אזוי גוט, אז די גאנצע וועלט איז ביי זיי ליעב און טהייער געווארען.

— מיר וואלטען יעצט געדארפט זיין יונגער כאטש ביט א צעהן יאהר, האט פרוי וויינגארטען איין מאל אין אן אבענד געזאגט צו דר. לעבמאן, ווען זיי זיינען אין טהעאטער געזעסען — דאס לעבען איז דאך אזוי זים!

— לאמיר ניט צעהלען די יאהרען, טהייערע, האט דר. לעבמאן געענטפערט, קיינער ווייסט ניט די יאהרען פון׳ם גרויסען און מעכטיגען אדלער וואס פליהט צו די הויכע הימלען. לאמיר בעסער ציילען דאס קלאפען פון אונזערע ליעבענדע הערצער, וויפיעל מאל עס קלאפט מיט ליעבע — אפילו איין יאהר אין ליעבע איז בעסער ווי גאנצע זיבעציג פוסטע יאהרען — — —

— דאס איז אמת, האט זי איהם אונטערבראכען און ער האט איהר ליעבליך איהר האנד געדריקט.

פאהרענדיג פון טהעאטער צוריק אהיים איבער פינפטע עווניו האבען זיי בעגעגענט לאיער שטיינהארט׳ס אפענעם אטאמאביל פאהרען. אינוועניג זיינען געזעסען מר. שטיינהארט, מרס. באראן, מר. קימעל און מיס עליזאבעט קלויזנער.

— ווי איז אייך געפעלען מיין עצה וואס איך האב געגעבען צו פריינד שטיינהארט? האט דר. לעבמאן געפרעגט ביי פרוי וויינגארטען.

— וואונדערבאר.

— און ווי גלייכט איהר עפעס מיין שדכנות?

— אויסגעצייכענט, האט זי געענטפערט מיט א שמייכעל. מר. קימעל איז א פיינער יונגער מאן און זי וועט פאר איהם האבען א גליקליכע וועלט.

— פאלעסטינע איז ווי געשאפען פאר ליעבענדע הערצער, האט דר. לעבמאן פארטגעזעצט. און פאר ביידע ליעבענדע פארלעך וועט פאלעסטינע זיין אן אמת׳ער פאראדיז שוין דערמיט אליין וואס זיי וועלען זיין זיכער אז זיי וועלען מעהר קיינמאל ניט בעגעגענען דעם באנדיט וואס קען זיי שטערען אין זייער גליק און אויפוועקען זייערע אלטע וואונדען.

— אלע זיינען שוין אויף א וועג, האט פרוי וויינגארטען געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע. מיס קלאוזנער האט מיט מיר געסטערן גערעדט און זי איז איינפאך ווי בעצויבערט פון מר. קימעל, זי גלייכט איהם און ער גלייכט זי—הייסט עס אז פיער פון אונזערע אינטימסטע פריינד וועלען אונז פערלאזען — און

וואס וועט זיין פון אונז? — — — —

און זי האט איהם געקוקט גלייך אין די אויגען וואס האבען צו איהר גע־שטראהלט מיט ליעבע און האפנונג.

— וואס וועט זיין פון אונז, ווילט איהר וויסען?—וועלל, האט ער געענט־פערט, מיר וועלען אויך פאהרען ביידע נאך פאלעסטינע און מיר וועלען זיין אלע צוזאמען.

— ווען?

— נאך ניט יעצט, מיין טהייערע. מיר דארפען נאך ווארטען.

## 35טער קאפיטעל
## פונקט קאפויר

מערקווירדיג איז דער מענש מיט זיי־נע גרויסע אנבליקע איבער דער גאנצער וועלט, און מיט זיינע קליינע באגריפע וואס ער האט אין באצוג צו זיך אליין.

דער מענש וואס וועגט די ערד און מעסט די גרויס פון זון, לבנה און שטע־רען און רעכענט אוים מיט דער גרעס־טער פינקטליכקייט דעם שפאציער וואס יעדע פלאנעט מאכט דורך יעדע סעקונ־דע — אט דער דאזיגער גרויסער חכם ווייסט ניט וואס מיט איהם אליין וועט פאסירען מיט איין שטונדע שפעטער.

דער דאזיגער גרויסער מענש, דער אר־נאמענט פון דער גאנצער וועלט־בעשאַ־פונג, איז ווי א שפיעל־באל אין די הענד פון דער נאטור — אונטערוואַרפען פער־שידענע נאטור־קאפריזען צו וועלכע עס זיינען ניטא קיינע מיטלען, און געגען וועלכע ער קען זיך גאר ניט העלפען מיט זיין גאנצער חכמה.

אין דעם קאמפף צווישען מענש און נאטור, בלייבט אימער נאטור די זי־גערין.

זעלטען ווען זאכען פאסירען ווי דער מענש וויל, אדער ווי מיר רעכענען עס דארף פאסירען.

ווי ביי אלעם אזוי אויך ביי ליעבע און לעבען ענדיגט זיך ניט אלעס ווי מיר ווילען, אדער ווי מיר רעכענען עס דארף זיך ענדיגען, נור פונקט קאפויר.

—געהט אמאל אריין אויף ציקאווערסט אין א מושב זקנים, א היים פאר אלטע לייט, אדער אין א היים פאר אונקוריר־בארע קראנקע, און איהר וועט זעהן ווי מענער און פרויען וואס זיינען שוין אלט גענויע הונדערט יאהר מאטערן זיך אויף זייער קראנקען בעט, שוין יאהרען און יאהרען לאנג. זיי קענען אליין ניט עסען, ניט טרינקען, זיך ניט אויסקירעווען פון איין זייט אויף דער צווייטער, און אלעם מוז מען זיי העלפען, אליין קענען זיי זיך קיין ריהר ניט טהאן פון דאנען אהין. זיי ווינשען זיך דעם טויט יעדע מינוט און יעדע סעקונדע פון זייערע פינסטערע טעג. זיי דארפען שוין קיינעם ניט, און קיינער דארף זיי ניט. ניט זיי קענען שוין ערווארטען עטוואס גוטעס פון דער וועלט, און ניט די וועלט קען ערווארטען עטוואס גוטעס פון זיי — און זיי לעבען!

צו וואס? צו ווען? געה און פרעג שאלות ביי דער קאפריזנער נאטור וואס שפיעלט אימער די ראלע פון משה קאפויר.

איהר וועט באגעגענען אין לעבען אויף יעדען שריט און טריט זאכען וואס ענדי־גען זיך גראדע פארקעהרט ווי מען ער־ווארטעט זיי זאלען זיך ענדיגען, און יע־דעם מאל קומט די ענדע גראדע אוים אזוי, אז עס ברענגט שמערצען, ליידען און מאטערניש צו אנדערע לעבענס.

דאס לעבען פון מרס. לעבמאן האט אבסאלוט פאר קיינעם קיין ווערטה ניט, עס האט ניט געהאט קיין ווערטה — ניט פאר איהר און ניט פאר אנדערע, עס האט קיין איינציגען ליכטיגען שטראהל ניט געבראכט ניט צו אייגענע ניט צו פרעמדע און ניט צו איהר אליין — אבער זי האט געלעבט.

ריכטיג דאס זעלבע איז געווען מיט מר. וויינגארטען.

א פארלוירענער אונגליקליכער וואנ־דערנדער טרעמפ האט ער זיך ארומגע־דרעהט א שאטען פון א מענשען. דיא מינדסטע נוצען ניט געבראכט ניט פאר זיך און ניט פאר אנדערע. דער שנאפס האט געמאכט א חורבן פון אלע זיינע גליעדער, אלע זיינע נערוועז זיינען גע־ווען צערשטרייט, ער האט ניט געגעסען ווי א מענש און ער איז ניט געשלאפען ווי א מענש, ער ער איז ניט געגאנגען

ווי א מענש — אבער ער האט געלעבט!

און מרס. לעבמאן און מר. וויינגארטען זיינען פון דער קאפריזנער נאטור געהאלטען געווארען אין זייער ביטערען לעבען. אויב מען קען דאס אנרופען לעבען. נור אום צו זיין די אייזערנע וואנט צווישען די צוויי פערליעבטע נשמות פון מרס. לעבמאן און מר. וויינגארטען.

נאך דעם ווי זייערע בעסטע פריינד זיינען פול מיט לעבען אבגעפאהרען נאך ארץ ישראל, און זיי זיינען געבליבען אליין, האבען זיי זיך ארייגעווארפען אין טשאריטי ארבייט און האבען דיא מעהרסטע פון זייער פרייע צייט אבגעגעבען צו פערלייכטערען מענשליכע שמערצען און אבווישען מענשליכע טרעהרען.

זיי האבען געטרייט אלע זייערע מענליכקייטען צו ברייננגען ליכט און פרייד אין יעדען ווינקעל, וואו עס האט נאר געהערשט פינסטערניש און טרויער.

צו דערזעלבער צייט איז זייער ליעבע געוואקסען פון טאג צו טאג אזוי, אז זיי האבען איינס אהן דעם אנדערען איינפאך ניט געקענט לעבען. אבער דאס איז ניט געווען א ליעבע פון טיערישע ליידענשאפט. עס איז ניט געווען א ליעבע פון קערפערליכע נייגונגען, נור א הייליגע ליעבע פון צוויי גרויסע נשמות וואס זיינען געווען פערבונדען מיט דער גאלדענער קייט פון א אונבעגרענצטער פריינדשאפט וואס איז נאך טויזענד מאל שטארקער פון געוועהנליכער ליעבע.

## 36טער קאפיטעל

עס זיינען פאראיבער טעג, וואכען, מאנאטען און יאהרען. אברהם'על'ע לעבמאן איז שוין געווארען א גרויסער באי, און דר. לעבמאן האט איהם אוועקגעגבען און ראבבי קרויזקאפף'ס פארם סקול, ווייל עס איז אנגעקומען מיט גרויסע שווערינגקייטען איידער אברהם'על'ע האט געענדיגט פאבליק סקול. און איינזעהענדיג, אז קיין געבילדעטער מאן וועט ער שוין קיינמאל ניט זיין, האט ער גערעכענט אז דער בעסטער פלאן פאר אזא באי איז איהם צו לערנען אקער־בוי, אן ארבייט ביי וועלכער ער וועט קענען פערדיענען און מאכען א לעבען און בלייבען אן עהרליכער מאן.

מר. און מרס. שטיינהארט און מר. און מרס. קימעל האבען זעהר גליקליך געלעבט. זיי האבען געוואוינט צוזאמען אין א פראכטפאלער קאלאניע אין ארץ ישראל און פלעגען אימער פערברייגגען צוזאמען זייער פרייע צייט. יעדעס מאל ווען זיי זיינען זיך צוזאמענגעקומען, איז זייער געשפרעך געווען וועגען דר. לעבמאן און פרוי וויינגארטען.

זייער הארציגער וואונש איז געווען צו זעהן אין ארץ ישראל דיעזע צוויי גוטע מענשען, וואס זיינען געווען די בעסטע פריינד. וואס זיי האבען אין לעבען געהאט.דאן וואלט דער בעכער פון זייער גליק געווען פול, האבען זיי אפט גערעדט צווישען זיך, און געהאפט אז די צייט וועט ענדליך קומען און זייער וואונש וועט ערפילט ווערען.

— — — — — — — — — — —

איינמאל אין א שעהנעם אבענד אין מאנאט מאי האבען די דאמען און העררען וואס גיבען זיך אפ מיט פילאנטראפישע ארבייט אין דער שטאדט ניו יארק, געגעבען א באנקעט צו עהרע דר. לעבמאן פאר זיין גוטע ארבייט וואס ער האט אימער געלייסטעט פאר די יעניגע, וואס קענען זיך אליין ניט העלפען.

עס איז געווען ארום צעהן אזייגער ביינאכט ווען דער באנקעט האט זיך אנגעפאנגען. דר. לעבמאן איז געזעסען און האט מיט גרויס פערגעניגען בעטראכט דעם גרויסען עולם פון אינטעליגענטע דאמען און העררען, וואס זיינען געקומען איהם אפגעבען כבוד, איהם צייגען זייער ליעבע און רעספעקט.

נעבען איהם ביי דער רעכטער האנד איז געזעסען פרוי וויינגארטען און האט געשעפט נחת וואס איהר געליעבטער קריגט אזוי פיעל כבוד פון אלע זייטען.

נאך די פערשיעדענע רעדעס וואס זיינען ביי דיעזער געלעגענהייט געהאלטען געווארען פון פערשיעדענע כלל טהוער האט דר. לעבמאן ענדליך דאס ווארט גענומען.

ווען ער האט זיך אויפגעשטעלט צו רעדען, האט אויסגעבראכען אן ענטוזי־אסטישער אפלאוז, וואס האט אנגעהאל־טען איבער פופצעהן מינוט. אלע אויג׳ען זיינען געווען געווענדעט צום מאן מיט די זילבער־ווייסע האר, וואס האבען זיין קאפ בעדעקט ווי מיט א זילבערנער קרוין. און ווען דער אפלאוז האט גע־סטאפט און דר. לעבמאן האט אנגעפאנ־גען רעדען, איז געווארען אזוי שטיל, אז מען האט געקענט הערען דאס זשומען פון א פליעג.

— מיינע טהייערע דאמען און הער־רען! — האט ער אנגעפאנגען. — עס פרעהט מיך פון טיעפען הארצען דא צו זעהן אזא גרויסע צאהל פון מיינע שי־לער, וואס האבען פון מיר געלערענט די גרויסע לעהרע פון "ליעבע און לעבען", וואס איז נאך מיין מיינונג, די וויכטיגס־טע לעהרע פאר דער מענשהייט! מען קען לעבען און געניסען די גרעסטע פלע־זשור פון לעבען, ניט וויסענדיג אויב דער הימעל דרעהט זיך, אדער די ערד דרעהט זיך. מען קען לעבען און האבען די גרעס־טע פלעזשור פון לעבען, ניט וויסענדיג אויב דעם מענשען׳ס נשמה איז אונ־שטערבליך אדער ניט. מען קען לעבען און האבען די גרעסטע פלעזשור אין לע־בען, אויב מען גלויבט אין א גן עדן אויף יענער וועלט אדער ניט. מען קען אבער קיין שום פערגעניגען ניט פיהלען — האט דר. לעבמאן פארטגעזעצט, — ווען עס פעהלט ליעבע! אהן ליעבע קען מען ניט לעבען ווי אהן לופט. און אזוי ווי איינער וואס געפינט זיך אין א פער־שטיקטען צימער אהן לופט, קען ניט בלאמירט ווערען ווען ער זעצט אויס א פענסטער אום צו קענען אריינאטהעמען שנעלער אביסעל פרישע לופט, אזוי קען מען אפט ניט בלאמירען איינעם, וואס פיהלענדיג, אז ער ווערט דערשטיקט אהן ליעבע, טרייט ער אמאל צו צוברעכען די וואנד וואס שטערט איהם צוצוקומען צו זיין גליק. וואלטען מיר געהאט אין אונ־זער לעבען א בעסערע זאך פון ליעבע וואלט מען פיעלייכט דעם קאפיטעל פון ליעבע געקענט ארויסלאזען פון א לע־בענס־בוך.

דער עולם איז געזעסען געשפאנט און מיט א טיפען ערנסט זיך איינגעהערט צו די ווערטער פון דר. לעבמאן וועלכער האט ווייטער פארטגעזעצט.

— אזוי ווי קיין בעסערע זאך ווי ליעבע איז אויף דער וועלט ניטא, איז דער וואס לעבט אפ א לעבען אהן ליעבע געגליכען צו איינעם וואס איז בלינד פון געבורטה אן. און לעבט א לעבען ניט זע־הענדיג קיין מאל די ערהאבענע קאלירען פון הימעל און ערד, ים און יבשה, פון וועלדער, פעלדער און בלומען. די צייט פון ליעבע, מיינע ווערטהע דאמען און העררען, איז פון וויגעלע ביז׳ן קבר, דאס ווארט אלט איז ניטא ביי ליעבע!... ריכ־טיג ווי ביים לעבען: הונדערט און איינס איז אלץ גאר איינס! ליעבע איז הייליג און געטליך צו ניינציג יאהר, ווי צו ניינצעהן יאהר!

— דא זיצט נעבען מיר א דאמע, — האט דר. לעבמאן פארטגעזעצט, — וועלכע איהר אלע קענט, איך מיין די פרוי ווײנגארטען! אויף וועלכער איך קען עדות זאגען, אז זי האט א פאל־שטענדיגען בעגריף אין ליעבע און לע־בען. און איך וועל אייך דא פארלעזען א קליינע פאעזיע איהרע, וואס ענטהאלט אין זיך די גאנצע לעהרע פון ליעבע און לעבען.

דער גאנצער עולם האט זיך ארומגע־קוקט אויף דער שטראהלענדער פרוי ווײנגארטען, און האט מיט גרויס צופרי־דענהייט זיך צוגעהערט צו דער פאל־גענדער פאעזיע:

דאס לעבען איז ביטער, שמערצליך,
רונד ארום —
מען זעהט נור צרות
אומעדום —
אום עטוואס זיסער מאכען
דאס לעבען,
האט אונז "ליעבע" גאט געגעבען.

ווען דער מענש קומט אין די
יאהרען

און איז שוין קיין קינד ניט מעהר,
פאנגט ער דאן אן צו בעגרייפען,
ווי אהן ליעבע איז לעבען שווער.

דעם העכסטען פונקט פון וואהרע ליעבע
קענען יונגע ניט פערשטעהן —
ביז זיי קריגען די עקספיריענס
און זיי פאנגען אן צו זעהן
די פוסטקייט פון די שטונדען טריבע
פון א לעבען, וואס האט קיין ליעבע.

דעריבער בעט איך ביים גרויסען בורא,
איך זאג עס אפען, און האב קיין מורא:
„אויב דו ווילסט מיר יאהרען שענקען,
יאהרען נאך וועלכע ס'איז ווערטה צו בענקען —
זאל די ליעבע זיי בעגלייטען,
ווען ניט, וויל איך ביי דיר בעטען
שיק צו מיר דיין מלאך המות
און מאך מיר שנעל דעם טויט.
ווייל א לעבען וואס אהן ליעבע
איז פיעל ערגער ווי אהן ברויט!



# א פּאָר מיסטייקס

זיינען דורכגעלאָזט געוואָרען ביי דער צוזאמענשטעלונג פון דיזען בוך, וועלכעס איך פיקס דאָ אום אלעס זאָל זיך לעזען גלאט.

1.—די לעצטע 3 ציילען פון פיידזש 40 דארפען שטעהן פון אָנ־פאנג פיידזש.

2.—דער אָנפאנג פון פיידזש 47 דארף זיך לעזען ווי פאָלגט:
"דר. לעבמאן האָט א וואונק געטהאָן צו פרוי וויינגארטען, זי זאָל מעהר ניט מאטערען די יונגע פרוי מיט פרישע יסורים, און ער האָט זיך געווענדעט צו דער ליידענדער פרוי, און האָט מיט א זאנפטע שטימע געזאָגט: מיין עצה איז איהר זאָלט א. ז. וו.

3.—אויף פיידזש 110 שורה אכט, אנשטאט "מרס. לעבמאן און מר. וויינגארטען" דארף שטעהן דר. לעבמאן און מרס. וויינ-גארטען.

